# װער איז שולדיג אין דיא

# סקאַנדאַלען ביי דיא בעקער

א פּערזענליכע ערקלערונג

פון

מאַקס קאַזימירסקי



ניו יארק, 1914

שוין א פּאָר יאָהר, אַז לואי מיללער מיט דער הילפע פון א קליקע אויס־געשלאָסענע און דיסקרעדיטירטע ארבייטער פון דער בעקער יוניאן פיהרען אָן א קאמפּיין פון פערלוימדונג און שמוץ־וואַרפעריי געגען מיר. אַלערליי בלבולים ווערען אויף מיר געמאַכט. מיללער'ס צייטונג האָט מיר שוין גע־רופען פעררעטהער, גענגסטער, מעסער־העלד און וואָס ניט. איך בין פאַר־געשטעלט געוואָרען אַלס די נידריגסטע און געפעהרליכסטע בעשעפענים אין דעם אידישען קווארטאל. צוליעב מיר, הייסט עס, איז די גאַנצע ארבייטער בעוועגונג פערפעסטעט און פערדאָרבען געוואָרען. איך האָב אונטער מיין קאָררופּטען איינפלוס די געווערקשאַפטען, דעם „פאָרווערטס", אַלע יוניאנס, גרויסע און קליינע. אַזאַ מערקווירדיגע טייפלישע קראַפט בעזיץ איך, דאָס אב. קאַהאַן ציטערט פאַר מיר, דאָס די פאָרשטעהער פון די 110 אידישע יו־ניאנס מוזען טהאָן מיין בעפעהל. מיט איין וואָרט, איך בין דער טייפעל אַליין.

איך האָב עס געהאַלטען פאַר אוננויטהיג דיזע לעבערליכע אַטאַקעס צו ענטפערען. פאַר מיר האָט געסטייעט די אַנטוואָרטען, וואָס די אַלגעמיינע ארבייטער בעוועגונג האָט פון צייט צו צייט געגעבען. די בעקער יוניאן האָט מיר ווידער און ווידער ערוועהלט אַלס איהר אָרגאַניזער. ווען איך בין מיט געוואַלד פון איהר אוועק, האָט זי מאָנאַטען לאַנג מיר געבעטען איך זאָל צו־ריק קומען, און ענדליך מיך מיט געוואַלד געצוואונגען איהר ביטע צו טהאָן. די אַלגעמיינע אַרבייטער בעוועגונג האָט מיר אַרויסגעוויזען איהר צוטרויען דערמיט, וואָס זי האָט מיך ערוועהלט אַלס אָרגאַנייזער פון די געווערקשאַפ־טען. אין יעדען גרויסען סטרייק בין איך איינגעלאַדען געוואָרען צו זיצען אויף די וויכטיגסטע קאָמיטעס. וואָס ביטערער ,וואָס שענדליכער די אַטאַ־קעס אויף מיר זיינען געוואָרען, אַלץ מעהר אַנערקענונג און צוטרויען האָב איך געוואונען אין די ברייטסטע רייהען פון דער אַלגעמיינער אידישער אַר־בייטער בעוועגונג.

איך שרייב ניט דיזען פּאַמפלעט אַלס אַן ענטפער צו מיינע פערלוימדער. איך שרייב עס אַלס א קאַפּיטעל געשיכטע אין דער איסט סיידער ארבייטער בעוועגונג, וועלכע דאַרף קלאָר זיין פאַר יעדען אַרבייטער. איך וויל, אַז יע־דער זאָל וויסען די אמת'ע אורזאַכען, וואָס האָבען מיטגעבראַכט די שענדליכע קריגערייען אין דער בעקער יוניאן, און די אמת'ע אורזאַכע פאַרוואָס מיללער האָט מיך אויסגעקליבען אַלס זיין הויפּט־ציעל אין זיין אַלגעמיינע מלחמה

געגען דער גאַנצער אַרבייטער בעוועגונג. עס איז וויכטיג פאַר דעם וואָהלזיין פון דער גאַנצער בעוועגונג, אַז דיזער טרויעריגער קאַפּיטעל אין איהר געשיכטע זאָל פון איהרע מיטגליעדער גרינדליך פערשטאַנען ווערען.

לאָמיר דערצעהלען דיזען קאַפּיטעל פון דער געשיכטע כסדר. מיר וועלען אָנהויבען פון אָנהויב.

## ווי אַזוי לאָקאַל הונדערט איז אָרגאַניזירט געוואָרען

דער יעצטיגער לאָקאַל 100, דער איסט סייד בעקער לאָקאַל, איז אָרגאַנירט געוואָרען געגען די מעכטיגע אָפּאָזיציאָן פון די בעקער לאָקאַלס אין ברוקלין, בראָנזוויל און בראָנקס. דאָס איז געווען אין דעם יאָהר 1908. די דריי דערמאָהנטע לאָקאַלס האָבען עקזיסטירט פון פיעלע יאָהרען בעפאָר; און איינע פון זייערע הויפּט אויפגאַבען ביז דאַן איז געווען ניט צו דערלאָזען די איסט סיידער בעקער זאָלען זיך אָרגאַניזירען.

די דאַמאָלסדיגע בעקער יוניאָן איז געווען אַ מין טראָסט פון אַ קליקע אַרבייטער און אַ הייפעלע באָסעס. פאַר נייע מעמבערס זיינען די טיהרען געווען כמעט ווי אין גאַנצען פערשלאָסען. איינטריט געלד איז געווען אַזוי הויך ווי 75 דאָלאַר; און אויסער די אָפיציעלע סומע, האָט דער קאַנדידאַט געמוזט שמירען די לייטענדע גייסטער פון דער אָרגאַניזאַציאָן מיט פיעלע צעהנדליגע דאָלארס.

צווישען די באָסעס און די אַרבייטער האָט דאַן געהערשט אַ פערשוועורונג געגען דער איסט סייד. די באָסעס פון ברוקלין, בראָנזוויל און בראָנקס האָבען מורא געהאַט פאַר די קאָנקורענץ פון דער גרויסער צאָהל בעקער באָסעס אויף דער איסט סייד, האָבען זיי געוואָלט אַ מאָנאָפּאָל אויף דעם לייבעל. ז ייהאָבען מיט אַלע כוחות געטרייעט אַז די איסט סיידער שעפּער זאָלען בלייבען ניט־יוניאָן, כדי זיי אַליין זאָלען קאָנטראָלירען דעם לייבעל־מאַרקעט. אין יענע יאָהרען האָבען פיעלע איסט סיידער גראָסערי לייט און רעסטאָראַנען געמוזט קויפען זייערע ברויט ביי ברוקלינער בעקער, אום ניט צו פערלירען זייערע קאָסטימער, וועלכע האָבען געפאָדערט דעם לייבעל.

די בעקער אַרבייטער, די זאָגענאַנטע יוניאָן פון יענע לאָקאַלס, האָבען אין דיזער פערשווערונג זיך בעטהייליגט דערפאַר וואָס די באָסעס זייערע האָבען עס פון זיי געפאָדערט. די באָסעס האָט זיך געלוינט צו געבען דיזע אַרבייטער אביסעל בעסערע בעדינגונגען, און אויך אונטערשמירען די פיהרער פון די יוניאָנס, אום צו זיין זיכער מיט דיזען מאָנאָפּאָל אויף דעם לייבעל.

די איסט סיידער בעקער האָבען געמאַכט איין פערזוך נאָכ'ן צווייטען זיך צו אָרגאַניזירען. יעדער פערזוך זייערער האָט זיך אָבער געענדיגט מיט אַ שענדליכען דורכפאַל. ווען זיי פלעגען אַרויסרופען אַ סטרייק, פלעגען זיי פערלירען. זיי האָבען געגען זיך געהאַט ניט נאָר די מאַכט פון די באָסעס,

נאָר אויך די בעהאַלטענדע שטערענדע מאַכט פון זייערע אייגענע ברידער. אַזוי איז פערניכטעט געוואָרען דער איסט סייד לאָקאַל 36, 31 און 23. עס האָט אויסגעוויזען, דאָס פאַר די איסט סייד בעקער זיינען אַלע האָפנונגען פערלאָרען.

פערבייגעהענדיג לאָמיר דאָ פערצייכענען דעם פאַקט, דאָס אין דריי דאַמאָלסדיגע לאָקאַלס אין ברוקלין, בראָנזוויל און האַרלעם איז די „איינינקייטען ברידערליכקייט" צווישען די מעמבערס געווען ניט אַן ערך שרעקליכער ווי אין די ערגסטע צייטען אין לאָקאַל 100. געשלעגען ביי די מיטינגען זיינען געווען אַ רעגעלע פאַסירונג. עפענען אַ מויל אין יענע יאָהרען גענען אַ פיהרער איז געווען סכנות נפשות. דאַמאָלס האָט מען נאָך צווישען אידען פון דעם וואָרט „שטאַרקע" ניט געוואוסט. דאָך ביי די בעקערס פלעגט מען שפּאַלטען קעפּ און אויסהאַקען ציינער אָהן יעמאַנדס הילפע. דיזע „תורה" ווייזט אויס, האָבע די בעקער ביי קיינעם זיך ניט געראַרפט לערנען.

דאָס איז אָבער אַ נעבען זאַך. לאָמיר פאָרטזעצען אונזער געשיכטע.

די איסט סייד בעקער וואָלטען ביז היינטיגען טאָג געבליבען פערשקלאַפט און אונאָרגאַניזירט, ווען זיי וואָלטען געגלויבט אין די פערטראָסטעוועטע און קאָררופטע לאָקאַלס פון די אַנדערע קוואַרטאַלען. צום גליק, אָבער, האָבען זיי זיך פון זיי אין גאַנצען אָפּגעשניטען. זיי האָבען זיך אָנגעפאַנגען צו אָרגאַניזירען אַליין אין אַן אָפענער אָפּאָזיציאָן צו די אַנדערע לאָקאַלס.

דאָס איז געשעהן אין 1907.

איך בין געווען איינער פון די, וואָס האָבען די אָרגאַניזאַציאָן געגרינדעט. אין יענער צייט בין איך געוועזן אַן אינדאָסטריאַלניק. מיר האָבען די איסט סייד בעקערס אָרגאַניזירט אין אַן אינדאָסטריאַל לאָקאַל. די אַנדערע לאָקאַלס האָבען אונז בעקעמפּפט אָפען און מיר האָבען זיי געענטפערט מיט אַ קאַמפּף. מיר האָבען אויפגעוויזען די אַלע פערברעכענס, וואָס דיזע לאָקאַלס האָבען בעגאַנגען גענען די אמת'ע פּרינציפּען פון דער אַרבייטער בעוועגונג. מיר האָבען פון זיי אַראָפּגעריסען זייער מאַסקע און זיי בעוויזען פאַר דער וועלט אין זייער ריכטיגע געשטאַלט.

אונזער לאָקאַל איז געוואַקסען פון טאָג ביז טאָג, און אונזער שטימע פאַר נערעכטיגקייט און ריינקייט אין די בעקער אָרגאַניזאַציאָנען האָט דערגרייכט די אויערען פון אַלע וואָס זיינען געווען טריי איבערגעגעבען דער אַרבייטער-זאַכע. נאָך אַ יאָהר קאַמפּף האָבען מיר מיטגעבראַכט, די אַלע לאָקאַלס זאָלען זיך צו אונז בויגען. מיר זיינען אַריינגענומען געוואָרען אין דער אינטערנייישיאָנאַל, און מיר האָבען געקראָגען די פערשפּרעכונג, דאָס די אַלע פעהלערען וואָס מיר האָבען אין די אַנדערע לאָקאַלס אויפגעדעקט, זאָלען גלייך בעזייטיגט ווערען. איינטריטס-געלד איז גלייך פערקלענערט געוואָרען אויף אַ פערהעלטניסמעסיג קליינע סומע. אנשטאָדט 50 און 75 דאָלאַר האָט קיין לאָקאַל ניט נעטאָרט פאָדערען מעהר ווי 25 דאָלאַר. די אַלטע קאָררופּטע

קליקעס אין די אַלטע לאָקאַלס זיינען אַרויסגעטריבען געוואָרען. די טיהרען האָבען זיך געעפענט פראַנק און פריי פאַר יעדען פאַך־מאַן. אַ נייער גייסט, אַ גייסט פון אמת'ע אַרבייטער ברידערליכקייט, אַרבייטער סאָלידאַריטעט און אַרבייטער בעוואוסטזיין האָט אַריינגעדרונגען אין דער בעקער־יוניאָן.

## דער ערשטער דזשענעראַל סטרייק און די ראָלע וואָס איך האָב אין איהם געשפּיעלט

און מיט דיזען נייעם גייסט זיינען מיר מיט אַ יאָהר שפּעטער אַרויס אין דעם גרויסען דזשענעראַל סטרייק. איך בין דאַן געשטאַנען אין דעם „פאָר־פראָנט" פון דעם קאַמפּף. איך האָב דעם סטרייק געפיהרט, און מיין פיהרערשאַפט איז אַנערקענט געוואָרען פון אַלעמען, וואָס זיינען נאָר געשטאַנען נאָהענט צו דער אַרבייטער בעוועגונג. איצט גיבען מיינע גרעסטע שונאים צו, אַז דאַמאָלסט בין איך געווען איבערגעבען מיט לייב און לעבען די אינ־טערעסען פון די בעקער. זיי זאָגען נאָר, אַז די לעצטע פּאָאַר יאָהר בין איך קאַליע געוואָרען. אין דער אמת'ן בין איך אויך דאַמאָלסט בעקעמפּפט גע־וואָרען פון עהנליכע חברה־לייט, ווי די, וואָס קעמפּפען געגען מיר היינט. די קאָררופּטע קליקעס פון די אַלטע לאָקאַלס, די וואָס איך האָב געהאָלפען פון דעם אויבען־אָן אַראָפּצואוואַרפען, האָבען מיר אין דער צייט פון סטרייק געגראָבען און געטאַדעלט. דאַמאָלסט האָבען זיי ניט געוואַגט אַרויסצוגעהן אָפען, ווייל עס איז געווען אין מיטען פון אַ קאַמפּף, און דער גרויסער עולם האָט צו שטאַרק מיט דעם קאַמפּף סימפּאַטיזירט. זיי האָבען מיר אָבער דאַן פונקט אַזוי שטאַרק ליעב געהאַט ווי איצט, און צוליעב דער זעלבער אורזאַ־כע אויך.

## דער אָנפאַנג פון מיללער'ס שנאה געגען מיר

און אין פערלויף פון דיזען סטרייק האָב איך דאָס אויך אויף זיך אַרויפ־געצויגען דעם האַס פון דער „וואַרהייט". מיללער'ס צייטונג איז נאָך דאַן געווען אַ יונגע. מיללער האָט דאַן געהאָפט, אַז איהם וועט געלינגען צו דיסקרעדיטירען דעם „פאָרווערטס" ביי די אַרבייטער מאַססען און אַריבער־צוגעווינען די יוניאָנס צו זיך.

האָט געדראַפּט פּאַסירען אין דעם רעכטען ברען פון בעקער־סטרייק, דאָס אימיצער האָט פערשפּרייט אַ פאַלשען קלאַנג, אַז סטרייקערס זיינען געשלאָ־גען געוואָרען אין העלד'ס בעקער־שאַפּ. העלד'ס זוהן איז דאַמאָלסט געווען מענעדזשער פון „פאָרווערטס". גלייך ווי איך האָב זיך פון דעם קלאַנג דערוואוסט, בין איך אַרויס מיט אַ שטאַרקע ערקלעהרונג, אין וועלכע איך האָב בעוויזען, אַז דאָס איז אַ ליגען, און אַז דער ליגען איז פערשפּרייט געוואָרען בלויז צו דיסקרעדיטירען דעם „פאָרווערטס". מיללער האָט מיר יענעם טאָג

געשיקט רופען. ער האָט מיך אריינגענומען צו זיך אין פּריוואט אָפיס און מיט אַלע כוחות געזוכט צו ווירקען אויף מיר, אַז איך זאָל זיך מעהר פאַר׳ן „פאָרווערטס“ ניט איינשטעלען.

— „איהר זייט נאָך א יונגערמאַן“ — האָט ער צו מיר געזאָגט — „צו־ליעב וואָס טויג אייך זיך צו מישען אין די פּייטס צווישען צייטונגען! בע־סער זייט פריינדליך מיט אַלעמען. איהר וועט פון אונז האָבען גענוג טובות“.

מיין ענטפער איז געווען א קורצער און א שאַרפער. איך האָב מיללער׳ן ערקלעהרט, דאָס איך האַלט די „װאָרהײט“ פאַר א פעררעטהערישע צייטונג, דאָס איך האַלט איהם פאַר א געפאַהר פאַר דער אַרבייטער בעוועגונג. איך האָב איהם געזאָגט, אַז איך בין איהם מוחל זיינע טובות, און אַז ווען ער וועט מאַכען אַ בלבול אָדער זאָגען א ליגען וועגען אַן אַרבייטער אינסטיטושאַן, וועל איך זיין דער ערשטער איהם צו פערדאַמען. פון יענעם טאָג אָן, האָב איך זאָגאַר פערבאָטען איהם צו געבען נייעס פון סטרייק. איך האָב אויך אויסגעפיהרט א רעזאָלוציאָן אין דער יוניאָן, דאָס קיין מעמבער זאָל קיין שום פערבינדונג מיט דער „װאָרהײט“ ניט האָבען.

מיללער׳ס ביטערער האַס געגען מיר שטאַמט, אַלזאָ, נאָך פון יענע גוטע צייטען, ווען איך בין נאָך דער איינשטימיגע מיינונג געווען כשר און עהרליך. נאָך דאַן האָט ער מיר געוואָרענט, אַז ער וועט זיך מיט מיר רעכענען. ער האָט געהאַט געניעגענדע אורזאַכע דאַפיר, און וואָס ווייטער און וואָס לענגער איך בין מיט דער אַרבייטער בעוועגונג געווען פערבונדען; וואָס מעהר איך האָב אויסגעפונען דעם אמת וועגען דיזער מכה אויף דעם אידישען קוואַרטאַל, אַלץ מעהר אורזאַכען האָב איך איהם געגעבען מיך צו האַסען און מיך צו זוכען צו פערניכטען אין יעדע יוניאָן, צו וועלכע איך האָב נאָר צוטריט גע־האַט, וואו איך האָב נאָר איינפלוס געהאַט, האָב איך די מעמבערס געוואָ־רענט געגען דיזע געפעהרליכע פּעסט, געגען דיזען נפש, וועלכער האָט געזוכט צו שלאָגען קאַפּיטאַל פון יעדע צרה, יעדען קאַמפּף און יעדע שוויריגקייט וואָס די אַרבייטער בעוועגונג האָט געהאַט דורכצומאַכען.

## דער סעטעלמענט ביי גרויסע און קליינע באָסעס

לאָמיר פאָרטזעצען די געשיכטע פון דער יוניאָן. דער דזשענעראַל־סטרייק איז געסעטעלט געוואָרען נאָך א ביטערען קאַמפּף, וואָס האָט אָנגע־האַלטען 9 וואָכען. די וועלט האָט געהערט, אַז מיר האָבען געהאַט א גרויסען זיעג. זיי האָבען אַלע געזעהן פייערען אונזער זיעג מיט א ריעזיגען פּאַראַד און אַלע האָבען אונז גראַטולירט. אין דער אמת׳ן אָבער איז דער זיעג **ניט** געווען קיין פאָלקאָמער. מיר האָבען געוואונען אַלע אונזערע פאָדערונגען בלויז ביי די קליינע און שוואַכערע באָסעס. מיט די גרויסע, שטאַרקע באָסעס האָבען מיר געמוזט סעטלען אויף א קאָמפּראָמיס.

עס איז העכסט וויכטיג, אז דער לעזער זאָל דיזען פּונקט וויסען גענוי, ווייל דאָ, אייגעטליך, ליעגט דער עיקר, דער עיקר פון אַלע צרות אין דער בעקער יוניאָן. דאָס איז דער אינערליכער טרייד־קאַמפּף צווישען די קליינע און די גרויסע באָסעס.

מיר האָבען דעם סטרייק גערופען „דזשענעראל", דאָס איז אָבער געווען גאַנץ היבש איבערטריבען. די אַרבייטער פון די גרויסע שעפּער זיינען קיינמאָל אין סטרייק ניט אַרונטער. מיר האָבען געקעמפּפט אין דער פּרעסע נעגען זייערע נעמען, ניט געגען זייער אַרבייט.

די קליינע באָסעס האָבען מיר ווירקליך צוגעדריקט צום וואַנד, און זיי האָבען איינגעוויליגט נאָכצוגעבען. אָבער זאָגאַר זיי האָבען אונז געגעבען צו פערשטעהן, אַז זיי וועלען זיך האַלטען ביי אַ סעטעלמענט נאָר דאַן, ווען מיר וועלען אויך די גרויסע מאַכען פאַר יוניאָן שעפּער.

די לאַגע איז געווען אַ קריטישע. נאָך פיעל מיהע איז געלונגען צו ווירקען אויף די גרויסע בעלי בתים זיי זאָלען מיט אונז קאָנפערירען. זיי האָבען איינגעוויליגט נאָכצוגעבען געוויסע פאָדערונגען. די סטרייקערס אָבער האָ־בען זיך איינגעשפּאַרט, אָדער גאָר אָדער גאָרניט. דערצו נאָך האָבען זיי גע־זאָגט, אַז די סקעבס אין די גרויסע שעפּער מוזען ענטזאַגט ווערען, און אַז אַלס שטראָף זאָלען זיי קיין אַרבייט ניט קריגען זעקס מאָנאַטען נאָכאַנאַנד.

אין יענע קריטישע מאָמענטען איז גאָלדשטיין אין גאַנצען אַנטלאָפען פון שלאַכט־פעלד. ער האָט געזעהן, אַז די לאַגע איז אַ שווערע, האָט ער זיך אָפּגעטראָגען. דער סטרייק איז געבליבען פּאַקטיש אויף מיינע הענד. אין מיינע הענד איז געלעגען די צוקונפט פון דער אָרגאַניזאַציאָן.

איך האָב געוואוסט, אַז אַלעס געווינען ביי די גרויסע באָסעס, איז אַ זאַך פון דער אונמעגליכקייט. איך האָב געוואוסט, אַז ווען מיר וועלען מיט די גרויסע ניט סעטלען, דאַן האָט אונזער זיעג ביי די קליינע קיין שום ווערדע ניט. איך האָב דאָס די סטרייקערס ערקלעהרט. איך האָב עס מיט זיי איינ־גע׳טענה׳ט טאָג און נאַכט, ביז איך האָב זיי ביסלעכווייז איבערציינגט, און די יוניאָן האָט דאַן מיר מיט נאָך צוויי געגעבען דאָס פולע מאַכט מיט די גרויסע באָסעס צו סעטלען.

אונזערע פאָדערונגען דאַמאָלסט זיינען געווען די פאָלגענדע: אַ צעהן שטונדיגען אַרבייטס טאָג; די ערשטע האַנד בעקער זאָלען קריגען 20 דאָ־לאַר אַ וואָך; די צווייטע האַנד — 16 און די דריטע האַנד — 14; די אָפּ־שאַפונג פון אָווערטיימס. באָסעס זאָלען מוזע נעהמען „העלפערס", דאָס הייסט, יעדער אַרבייטער זאָל מוזען אָראָפּנעהמען אַ טאָג אָדער מעהר פון זיין צייט פאַר אַן אונבעשעפטיגטען מאַן, דער באָס זאָל איהם מוזען אויף דעם טאָג אָנשטעלען.

אַלזאָ, האָבען די גרויסע באָסעס די פונקטען וועגען שטונדען און ווייד־זשעס נאָכגעגעבען. זיי האָבען אָבער צוריקגעוויזען די פונקטען וועגען אָווער־

טיים און וועגן העלפערס, און דאָס איז אויך ניט צוריקגעוויזען אין גאַנצען. זיי האָבען איינגעוויליגט צו צאָהלען פאַר אָווערטיים מעהר ווי פאַר געוועהנ־ליכע צייט, 35 סענט אַ שטונדע. העלפער האָבען זיי אויך איינגעוויליגט צו נעהמען, אויב די אַרבייטער אַליין וועלען דאָס פערלאַנגען. זיי האָבען גע־וואָלט, אַז די יוניאָן זאָל אין דיזען פּונקט זיי ניט קענען קאָנטראָלירען. די סקעבס זיינען אויך געבליבען אויף זייערע פּלעצער. זיי זיינען בלויז בע־שטראָפט געוואָרען מיט 5 דאָלאַר איינטריטס־געלד.

די אַרבייטער זיינען מיט דעם סעטעלמענט געווען צופרידען. פון אַלע זייטען האָט מען מיר גראַטולירט. די בעקער יוניאָן און די אַרבייטער בעווע־גונג אין אַלגעמיין האָט אנערקענט, אַז איך האָב געטהאָן אַ גוטע שטיק אַר־בייט, אַז מיין מיהע האָט פיעל געהאָלפען צום ערשטען מאָל אויפצובויען אַן אמת׳ע בעקער יוניאָן אויף דער איסט סייד.

נאַטירליך, עס זיינען געווען אַ קליין הייפעלע מענשען אין דער יוניאָן, וועלכע זיינען שוין דאַן מיט מיר ניט צופרידען געווען. דאָס זיינען געווען די חברה, וואָס האָבען דורך דעם סטרייק געמאַכט גרינגע דאָלארס. די חברה, וועלכע פלעגען זיך לאָזען בעצאָהלען פאַר טהאָן געוויסע קאָמיטע ארביים. זיי וואָלטען געוואָלט אַז דער סטרייק זאָל זיך ציהען און ציהען. עס זיינען מיט דעם אויך ניט צופרידען געווען די סקעבישע נשמות און די „יחסן׳דיגע אַר־בייטער", וועלכע ווילען בעסער די הערשאַפט פון אַ באָס, ווי די פרייהייטען פון אַ יוניאָן. פון אַזוינע נפשות איז קיין אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָן ניט פריי. זיי זיינען אַ קללה פון טראָבעל און צרות פאַר יעדע יוניאָן, ביי גוים אַזוי גוט ווי ביי אידען. זיי האָבען אָבער ביי אונז קיין ראָלע ניט געשפּיעלט אין יע־נער צייט. די גרויסע מאַסע געטרייע מעמבערס האָבען זיי איגנאָרירט.

אַזוי זיינען אַריבערגעלאָפען צוויי יאָהר. יעדען מאָל, וואָס מען האָט די קאָנטראַקטען געדאַרפט בענייען, האָט די יוניאָן אָהן אַ סטרייק זאָגאַר גע־וואונען אַ „רייז" פון צוויי דאָלאַר פאַר די אַרבייטער. אַלץ איז געגאַנגען כשורה.

## די ערשטע אַטאַקעס געגען מיר

אָבער די אונצופרידענע עלעמענטען האָבען ניט גערוהט. אַלע מיטלען האָבען זיי געזוכט מיך צו דיסקרעדיטירען, און אויב מעגליך, מיך פון דער יוניאָן אַרויסצושטופּען. זיי האָבען געהאָפט, אַז אונטער אַ נייע פיהרער־שאַפט וועט זיין מעהר טראָבעל, און מען וועט אפשר סטרייקען, און מען וועט אפשר דאַרפען אָנקומען צו זייער „הילפע". זיי האָבען אויך געהאָפט, אַז אַן אַנדער פיהרער וועט האָבען אַביסעל מעהר „רעספּעקט" פאַר זיי, וועט ניט האָבען די מוטה זיך צו שטעלען אַזוי פעסט געגען זיי, און וועט אויס מורא, זיי בעזאָרגען מיט לייכטע דזשאָבס אין דער יוניאָן.

זיי האָבען אויפגעזוכט דעם שוואכען פּונקט אין אונזער אָרגאַניזאַציאָן און האָבען זיך אָנגעכאַפּט אין איהם צו אַטאַקירען די גאַנצע יוניאַן. געהייסען האָט עס, אַז די אַטאַקע איז געציעלט אויף מיר. ביז היינטיגען טאָג שרייען זיי, אַז פאַר דיזען שוואכען פּונקט בין איך פעראַנטוואָרטליך. אין דער אמת'ן אָבער, עקזיסטירט דיזע שוואכקייט אין יעדע יוניאַן, אין יעדע אידישע און ניט־אידישע ארבייטער אָרגאַניזאַציאָן, און ביז א געוויסען גראַד זיינען זיי אַלע אין איהר.

דיזע העצערס און פערניכטערס פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן האָבען אויפגעבורעט די קליינע באָסעס זיי זאָלען ניט דולדען, דאָס וואָס די גרויסע באָסעס האָבען לייכטערע בעדינגונגען ווי זיי, די קליינע. אין אַלע גרויסע טריידס האָבען די רייכע בעלי בתים, די גרויסע באָסעס, לייכטערע בעדינגונגען. די גרויסע מאַנופעקטשורערס זיינען געוועהנליך פעראייניגט אין אַן אַסאָסיאיישאַן, דערצו זיינען זיי טאַקע אַליין אויך גוט רייך און ענג פערבונדען מיט פּאָליטישענס, מיט דער שטאָדט רעגיערונג און זיי צו בעקעמפּפען איז שווער. ווען עס קומט צו א סעטעלמענט, מוז מען זיי געבען „לייכטערע טוירמס". דער פאַקט איז, דאָס די אַסאָסיאיישאַן באָסעס פון דעם קלאָוק טרייד צאָהלען ניט אַזוינע גוטע פּרייזען ווי די אינדעפּענדענט באָסעס. ביי די אַסאָסיאיישאַן באָסעס פון די שניידער ארבייט מען 52 שטונדען א וואָך, ווערענד ביי די אינדעפּענדענט באָסעס ארבייט מען ניט מעהר ווי 50 שטונדען. עהנליכע אונטערשיעדען וועט איהר געפינען אין די קאָנטראַקטען פון די ווייסט באָסעס, וועהיט גודס באָסעס, פּיינטער באָסעס א. ז. וו., א. ז. וו.

איך האָב אויבען בעוויזען ווי אַזוי דער סעטעלמענט מיט די גרויסע בעקער באָסעס איז געמאַכט געוואָרען. איך האָב בעוויזען, דאָס פּאַקטיש האָט מען ביי זיי גאָר ניט געסטרייקט; אַז געווינען ביי זיי א פּאָלקאָמענעם זיעג איז געוועזען אַבסאָלוט אונמעגליך; אַז גאָלדשטיין איז א פערצווייפעלטער אַנטלאָפען פון שלאַכט־פעלד; אַז איך האָב דעם סעטעלמענט געמאַכט מיט דער צושטימונג פון דער יוניאַן און מיט דער גוטהייסונג פון אַלע ארבייטער פיהרער, וואָס האָבען די סיטואַציאָן ריכטיג פערשטאַנען.

און נאָך מעהר: איך האָב די גרויסע באָסעס זעהר, זעהר וועניג נאָכגעגעבען אויך. וויידזשעס און שטונדען האָבען זיי געגעבען די זעלבע ווי אַנדערע באָסעס. דאָס וואָס מען האָט זיי ערלויבט צו ארבייטען אָווערטיים, און ניט צו בענוצען זיך מיט העלפּערס, האָט דאָך זיי די ארבייט ניט ביליגער געמאַכט. פאַר דער יוניאַן איז דאָס געוועזען שלעכט, ווייל מיר האָבען געוואָלט איינפיהרען א סיסטעם, וואָס זאָל געבען אונזערע ארבייטסלאָזע איינינגע טעג א וואָך ארבייט. דאָס איז, אַלזאָ, געוועזען א פראַגע צווישען דער יוניאַן און די גרויסע באָסעס. די קליינע באָסעס האָבען זייערע אינטערעסען דערמיט ניט געקענט פערבינדען.

דאָך איז עס די טראָבעל מאַכער געלונגען זיי איינצושמועסען, דאָס די

„גינסטיגע בעדינגונגען“ וואָס די יוניאָן גיט די גרויסע באָסעס מאַכט זייער אַרבייט בילינגער, און דערפאַר קענען זיי קאָנקורירען מיט די קלענערע אויף דעם ברויט־מאַרקעט. אין די קלענערע בעקערייען זיינען די בעלי בתים אַליין אַרבייטער, זיי שטעהען צוזאַמען אין שאָפּ און זיינען אין די אינטימסטע בעציהונגען מיט די אַרבייטער. דאָס האָט געגעבען די העצע־מאַכער אַ בעסע־רע געלעגענהייט אָנצוגעהן מיט זייערע פעררעטהערישע אַרבייט. זיי האָבען צו די אמת'ע פאקטען צוגעלעגט אַ היבשע פּאָרציע ליגענס. זיי האָבען די קליי־נע באָסעס דערצעהלט, אַז די גרויסע צאָהלען ניט נאָכ'ן סקייל, דאָס זיי הי־טען ניט אָפּ די יוניאָן שטונדען, דאָס זיי האָבען זאָגאַר ניט קיין יוניאָן־אָנ־געשטעלטע, א. ז. וו., א. ז. וו.

די ענדרע איז געווען, דאָס די קליינע באָסעס האָבען גענומען פּאָדערען פון זייערע אַרבייטער, זיי זאָלען אויספיהרען אין דער יוניאָן, אַז די גרעסערע באָסעס זאָלען קיין יחסנים ניט זיין. פּאַר די קליינע באָסעס איז דאָס אין אַלגעמיין געווען אַן אויסגעצייכענטע זאַך : וועט די יוניאָן דורכקעמפּפען בעסערע בעדינגונגען ביי די גרויסע, וועלען זיי — די קליינע — דערפון גאָר־ניט פערלירען ; וועט די יוניאָן דעם קאַמפּף ביי די גריסע פערלירען, דאַן וועט נאָך די יוניאָן אָפּגעשוואַכט ווערען, און זיי, די קליינע, וועלען אויך קע־נען טהאָן וואָס זיי וועלען וועלען.

די באָסעס פון איין זייט, און די אינסייד פעררעטהער פון דער צווייטער זייט, האָבען אַזוי לאַנג געגראָבען, ביז וואַנען זיי האָבען זייער ציעל עררייכט. די יוניאָן האָט אַרויסגערופען אַ סטרייק ביי די גרויסע באָסעס. דאָס איז געווען אין 1910. דער סטרייק האָט אָנגעהאַלטען אַ פּאָאר מאָנאַטען און ער איז ווידער געסעטעלט געוואָרען דורך אַ קאָמפּראָמיס. די יוניאָן האָט ווידער איינגעזעהן, אַז מיין שטעלונג איז די ריכטיגע און האָט געסעטעלט אויף דעם אַלטען קאָנטראַקט.

## נייע מאַשינען — אַלטע טראָבעלס

צוויי יאָהר זיינען פערבייגעגאַנגען. אין דער צייט זיינען ענדערונגען פּאָרגעקומען אין דער טרייד ; ענדערונגען — איבער וועלכע די יוניאָן האָט געהאַט אַזאַ שליטה אַזוי ווי אונזערע עלטערען פון יענער וועלט. עס זיינען ערפונדען געוואָרען נייע מאַשינען פאַר דער בעקער אַרבייט. די קליינע באַ־סעס האָבען נאַטירליך צו דיזע מאַשינען ניט געקענט צושטעהן, עס האָט זיך געפאָדערט אַ גרויסער קאַפּיטאַל. די גרויסע באָסעס האָבען אָבער זיך מיט די מאַשינען בעזאָרגט. וואָס אַ מאַשין הייסט אין טרייד, ווייס יעדערער. עס הייסט : אַז די אַרבייט ווערט אַראָפּגעשניטען אין דער העלפּט. עס הייסט, אַז די הוצאות פאַר דער אַרבייט ווערט רעדוצירט ; עס הייסט, אַז דער וואָס בעזיצט די מאַשין קען קאָנקורירען מיט דעם וואָס האָט די מאַ־שין ניט.

און דאָס האָט פּאַסירט אין דעם בעקער טרייד. די גרויסע באָסעס האָבען גענומען פערבאַפּען דעם מאַרקעט. ניט נאָר האָבען זיי צוגענומען אַ גרויסע טהייל פון דער איסט סייד, נאָר זיי האָבען זיך גענומען פערשפּרייטען איבער די אַנדערע אידישע קוואַרטאַלען, איבער ברוקלין, בראָנזוויל, האַרלעם און די בראָנקס. אויף די קליינע באָסעס איז געפאַלען אַ שרעק.

וואָס האָבען זיי געקענט טהאָן, אום די געפעהרליכע קאָנקורענט־מאַכט פון די גרויסע באָסעס אָפּצושטאַפּען ? אויפהויבען אַ קאַמפּף געגען מאַשינען, וואָלט דאָך געווען לעכערליך ; האָבען זיי זיך דערמאָנט אָן די אַלטע וואַפּע, אָן די וואַפּע, וואָס די פערגעטהער פון דער יוניאָן האָבען פאַר דעם אויסגעשמיעדט. זיי האָבען ווידער גענומען אויפאָדערען די יוניאָן זי זאָל ערקלעהרען אַ קאַמפּף געגען די גרויסע באָסעס, ביז וואַנען יענע וועלען נאָכגעבען אַלעס, וואָס די יוניאָן קריעגט ביי די קליינע באָסעס.

זיי האָבען אויך געפאָדערט, דאָס די גרויסע באָסעס זאָלען באַקען קלענערע ברויטען, אפשר וועט זיי דאָס העלפען. דאָס הייסט, בערויבען אָרימע אַרבייטער וואָס קויפען אַ ברויט מיט דער ריכטיגער וואָג.

ווידער זיינען שוין אין דער פראַגע אריינגעצויגען געוואָרען די לאָקאַלס פון די אַנדערע קוואַרטאַלען. די אַרבייטער אין ברוקלין, בראָנזוויל און די בראָנקס האָבען גאַנץ נאַטירליך גענומען פיהלען די קאָנקורענץ פון די גרויסע איסט סייד באָסעס. וואָס מעהר קאָסטימערס די גרויסע איסט סייד באָסעס האָבען אין יענע קוואַרטאַלען געוואונען, אַלץ וועניגער אַרבייט איז געבליבען פאַר די אָרטיגע בעקער. עס איז דאַרום געווען אין די אינטערעסען פון די בעקער אַרבייטער אין די דריי קוואַרטאַלען, אַז די איסט סייד בעקער יוניאָן זאָל אַרויסרופען אַ סטרייק ביי אַלערליי גרויסע באָסעס, כדי צו פערקריפּלען אויף ווי ווייט מעגליך יענע שעפּער און אָפּשוואַכען ביז אַגעוויסען גראַד זייער קאָנקורענץ.

מיר וועלען שוין דאָ ניט ריידען פון פּרינציפּ. זאָגאַר פון פּראַקטישען שטאַנדפּונקט איז דאָס זיכער געווען אַ נאַרישקייט. בעקעמפּפען די גרויסע באָסעס נאָך איצטער, ווען זיי האָבען געהאַט די הילפע פון מאַשינען, וואָלט געווען אַ זאַך פון אַבסאָלוטע אונמעגליכקייט ; און ווען די יוניאָן פערלירט די גרויסע שעפּער, מוז זי אָם ענדע די קליינע אויך פערלירען. די קליינע באָסעס האָבען פון יעדען סטרייק ביי די גרויסע געהאַט אַלעס צו געווינען און גאָרניט צו פערשפּיעלען. כל זמן דער סטרייק וואָלט אָנגעהאַלטען, וואָלטען זיי געוואונען דערפון, וואָס די גרויסע באָסעס וואָלטען ביז אַ געוויסען גראַד געשטערט געווען אין זייערע ביזנעס. נאָך דעם ווי דער סטרייק וואָלט פערלאָרען געהן, וואָלטען זיי געוואונען דערמיט, וואָס זיי וואָלטען זיך אָנהויבען אָפּטרייסלען פון דער יוניאָן.

די יוניאָן אָבער האָט דורך דעם סטרייק גאָר ניט געהאַט צו געווינען און אַלעס געהאַט צו פערלירען. דער סטרייק וואָלט איהר אָפּגעקאָסט געלד און

כוחות. אין דער צייט פון סטרייק וואָלט זי זיך מיט די אַנדערע קליינע שעפער געקענט ווייניג וואָס אָפּגעבען, און זיי וואָלטען דיסאָרגאַניזירט געוואָרען. געווינען האָט זי בשום אופן ניט געקענט. דאָס האָבען די צוויי פאַרינגע סטרייקס בעוויזען.

## ווידער אַ סטרייק ביי די גרויסע באָסעס

אָבער די פעראייניגטע מאַכט פון די אינערליכע פעררעטהער, פון די איבערגעשראָקענע אַרבייטער פון די קליינע באָסעס און פון אַ גרויסע צאָהל מעמבערס פון די אַנדערע לאָקאַלס האָט ענדליך מיטגעבראַכט, אַז אַ סטרייק זאָל ווידער אַרויסגערופען ווערען ביי די גרויסע בעקערייען. דאָס איז געוועזן אין יאָהר 1911. אַלעס וואָס איך האָב פאָראויסגעזאָגט איז מקוים געוואָרען. דער קאַמפּף האָט אָנגעהאַלטען פון 8 ביז 9 מאָנאַטען. די יוניאָן האָט איהם ענדליך פערלאָרען; און ניט נאָר האָט זי פערלאָרען ביי די גרויסע באָסעס, זי האָט אויך פערלאָרען ביי די קליינע. די קליינע בעלי בתים, צוליעב וועמען דער קאַמפּף איז ערקלעהרט געוואָרען, האָבען זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט, און געשניטען וויידזשעס אָהן רחמנות.

די יוניאָן האָט ענדליך איינגעזעהן דעם מיסטייק, און האָט מיט די גרויסע באָסעס ווידער געסעטעלט אויפ'ן אַלטען קאָנטראַקט. דער לאַנגער סטרייק האָט אָבער געבראַכט צום פראָנט די קליקע, וואָס טויג זיך נאָר אויף ציהען געלד „פאַר קאָמיטע אַרבייט", די חברה, פאַר וועמען סטרייקס זיינען אַ מיטעל צו לעבען אויפ'ן קהל'שען חשבון. זיי זיינען נאַטירליך מיט דעם סעטעלמענט ניט צופרידען געוועזן, און איצטער האָבען זיי געהאַט דעם סופּאָרט פון די אַנדערע לאָקאַלס, וועלכע האָבען זיך ווייניג וואָס געקימערט פאַר דעם שיקזאַל, און וועלכע האָבען נאָר געזוכט אַז די איסט סייד זאָל האָבען טראָבעל, כדי זייערע באָסעס זאָלען בעסער קענען בעשטעהן די איסט סיידער קאָנקורענץ. די אונצופרידענע פעררעטהערישע עלעמענטען אין אונזער לאָקאַל זיינען קיינמאָל ניט געווען אַזוי מעכטיג ווי איצטער.

## דער שמוציגער קאַמפּף געגען מיר צופּלאַקערט זיך

און איצטער האָט זיך אָנגעהויבען די ריכטיגע סדרה פון דעם שמוציגען, עקעלהאַפטען, געמיינעם קאַמפּף געגען מיר פערזענליך. די קליקע פון איין זייט און די אַנדערע לאָקאַלס פון דער אַנדערער זייט האָבען אויף מיר געמאַכט אַלערליי בלבולים ; אַרויסגעלאָזען אַלערליי פאַלשע קלאַנגען ; האָבען מיר פערלוימדעט און בעשמוצט. דאָס האָט געפיהרט צו קריגערייען און געשלעגען אין דער יוניאָן. די בעקער מיטינגען האָבען אָנגעהויבען צו ווערען „בעריהמט".

דאָס אַלעס האָט שלעכט געווירקט אויף מיין געזונד. איך בין קראַנק

געוואָרען. אַ פּראָפעסאָר האָט מיר אונטערזוכט און בעפעהלען גלייך אָפּצופאָהרען אין ליבערטי. איך בין אַוועק.

דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט דער מאָנאַט מאַי, ווען מען האָט געמוזט בענייען דעם אַגרימענט מיט די באָסעס. די קליינע בעלי בתים האָבען זיך איצט דערפיהלט אויפ'ן פערד. זיי האָבען געוואוסט, אַז די יוניאָן איז אָפּגעשוואַכט, אַז זי האָט פון דעם לעצטען סטרייק ניט גוט אָפּגעשניטען, האָבען זיי זיך שטאַרק געקווענקעלט וועגען אונטערשרייבען דעם אַגרימענט. איבערהויפּט איז זיי ניט געפעהלען געווען, וואָס די יוניאָן האָט געפאָדערט אַ „רייז" אויף צוויי דאָלאַר אַ וואָך פאַר אַן אַרבייטער.

די יוניאָן האָט דאַן געשיקט נאָך מיר אין ליבערטי. דער דאָקטאָר, גענ. דזשוליוס האַלפּערין, האָט מיר פערזאָגט, אַז איך זאָל צוריק אין ניו יאָרק ניט וואַגען פאָהרען. אָבער איך האָב געוואוסט די לאַגע פון דער יוניאָן, און האָב וועגען מיין געזונד ניט געקענט קלעהרען. איך בין צוריק געקומען; און אין צוויי טעג צייט האָב איך פון די באָסעס אַלעס געוואונען. דער נייער אַגרימענט מיט דעם צוויי־דאָלאַרדיגען רייז איז אונטערגעשריבען געוואָרען.

# איך רעזיגניר פון דער יוניאָן

איך האָב שוין איצטער געוואוסט, אַז פריעדען און האַרמאָניע אין דער בעקער יוניאָן איז אַ זאַך דער אונמעגליכקייט. איך האָב זיך איבערצייגט, דאָס דער קאַמפּף צווישען די קליינע און די גרויסע באָסעס, און צווישען די אַרבייטער פון די צוויי גרופּעס בעלי בתים וועט אָנגעהן אויף שטענדיג. איך האָב געוואוסט, אַז די חברה טראָבעל־מאַכער, די פערלוימדער און בלעקמייער, וועלען אימער האָבען אַ פּלאַץ אין דער יוניאָן צוליעב אָט דיזע שטענדיגע מחלוקות. דערצו בין איך געווען געבראָכען אין געזונד, קראַנק און מיעד, און דיסאַפּאָינטעד. איך האָב זיך בעשלאָסען צוריקצוציהען פון דער בעקער יוניאָן און פון דער אַרבייטער בעוועגונג אין אַלגעמיין.

פריינדע האָב איך זיך ערוואָרבען אין דער בעוועגונג אַ סך. צווישען די בּעקער און צווישען די אַרבייטער פון אַנדערע טריידס האָבען זיך געפונען אַ היבשע צאָהל מענשען, וואָס זיינען בערייט געווען מיר צו העלפען; און איך האָב זיך בעשלאָסען אַריינצוגעהן אין ביזנעס, אויפצועפענען אַ רעסטאָראַנט אין פּאַרטנערשיפּ מיט אַ געוויסען קרוג, אַ געוועזענער בעקער אַרבייטער (ער איז יעצט אַ בעקער באָס אין בראָנזוויל). געדאַרפט אויף דעם האָב איך אַן ערך פון פופצעהן הונדערט דאָלאַר. אַ היבשע טהייל פון די געלד האָב איך בעקומען פון מיין פאַמיליע. די איבעריגע האָב איך געקראָגען פון אָט די פריינד צווישען די אַרבייטער. מען האָט מיר געבראַכט הלואות פון קליינע און גרויסע סומען. אַרבייטער האָבען מיר געבראַכט צו צעהן דאָלאַר, פינף און צוואַנציג דאָלאַר, א. ז. וו.

איך האָב צו ביזנעס קיין מזל ניט געהאַט. מיר האָבען דעם רעסטאָראַנט

געעפּענט ניט אין דעם ריכטיגען פּלאַץ, און ניט זייענדיג קיין ערפאַהרענע ביזנעס־לייט, האָבען מיר ניט בעגריפען, אַז וואָס ווייטער מיר ווע̄לען דאָרטען שטעהן, אַלץ מעהר געלד וועלען מיר פערלירען. מיר זיינען געקראָכען אין פערלוסטען אַלץ מעהר און מעהר. ענדליך איז געקומען דער קראַך. אַ קאַר־פּענטער, וועמען מיר זיינען שולדיג געווען הונדערט און פינף דאָלאַר, האָט אונז אָנגעקלאָגט אויף פיער מאָל די סומע, און האָט געקראָגען אַ דזשאָדזש־מענט געגען אונז און „פּאָרקלאָוזד“ די סטאָר.

## מיין מאָרטגיידזש פון גאָטפריעד׳ען און מיין באַנקראָט

מיר האָבען געמוזט האָבען ווייטער געלד זיך צו ראַטעווען. אונז האָט זיך אַלץ געדוכט, אַז מיט נאָך אַ פּאָאר און נאָך אַ פּאָאר דאָלאַר וועלען מיר די ביזנעס אַוועקשטעלען אויף די פיס. מיין פּאַרטנער איז געווען אַ פאַמי־ליען־מאַן. איך, ווידער, האָב געפיהלט די פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר די פיע־לע געלד וואָס איך האָב ביי די אַרבייטער אָנגעבאָרגט. מיר האָבען בעשלאָ־סען צו טרייען ערגעץ קריגען געלד אויף אַ מאָרטגיידזש אויף דער סטאָר.

ווי געזאָגט, איז מיין פּאַרטנער געווען אַן אַלטער בעקער און אַ געוועזע־נער בעקער־אַרבייטער. ער האָט זיך גוט געקענט מיט אַלעמען אין דער בע־קער־טרייד. ער האָט גענומען געהן פון איינעם צום צווייטען, צו בעקער־אַר־בייטער, צו באָסעס און צו מעהל־הענדלער זיי בעטען עטליכע הונדערט דאָ־לאַר אויף אַ מאָרטגיידזש. ענדליך איז ער געקומען צו דעם גרויסען באָסס גאָטפריעד (גאָטפריעד אַליין איז אַמאָל געווען אַ בעקער־אַרבייטער, אַ מעמ־בער פון בעקער יוניאַן לאָק. 31), מיט וועמען ער איז געווען יאָהרען־לאַנג זעהר גוט אויפגעטראָגען.

גאָטפריעד האָט איינגעוויליגט איהם די טובה צו טהאָן און איהם לייען געלד.

גאָטפריעד׳ס שאַפּ איז דאַן געווען אַ שטרענג־יוניאָן שאַפּ. איך בין פון דער יוניאָן דאַן געוועזען אַרויס. איך האָב מיט איהר קיין שום פערבינדונג ניט געהאַט. קיינער: ניט איך, ניט די מעמבערס פון דער יוניאָן, ניט די באָ־סעס פון דעם טרייד האָט געקענט חלומ׳ען, אַז איך וועל ווען עס איז צוריק אין דער יוניאָן אַריינקומען. עס איז איינפאַך לעבערליך צו דענקען, אַז גאָט־פריעד האָט פון מיר ערוואַרטעט טובות אין פערבינדונג מיט דער יוניאָן. גראַדע פערקעהרט: דערמיט וואָס ער האָט מיר די געלד געגעבען, האָט ער מיך פון דער יוניאָן נאָך ווייטער אָפּגעשטופּט, ווארום כל זמן איך בין גע־ווען מיט דער ביזנעס פערבונדען, האָב איך דאָך זיך ניט געקענט אָפּגעבען מיט יוניאָן־אַנגעלעגענהייטען.

דאָך האָב איך פערשטאַנען, אַז געוויסע מענשען וועלען דיזע פּאַסירונג אויסטייטשען אויף זייער לומפּיגען וועג. איך האָב שוין גאַנץ גוט געוואוסט דאַן, אַז די וואָס האָבען יאָהרען־לאַנג אָנגעפיהרט אַ קאַמפּיין פון פערלוימ־

דונג און בלעקמייל געגען מיר, וועלען זיך אָן דיזען פאַקט אָנכאַפּען ווי אָן אַבן־טוב. איך האָב דאָס מיין פּאַרטנער ערקלעהרט, און איהם פערשטעהן געגעבען, דאָס איך וואָלט זעהר ניט געוואָלט, אַז ער זאָל נעהמען די הלואה.

אָבער ביי אַן אַנדערען צו קריגען די געלד איז אונמעגליך געוועזן. די צייט איז געוועזן קורץ. מיין פּאַרטנער האָט צו מיר מיט טרעהרען גע׳טענה׳ט, אַז צוליעב מיינעם אַ פּערזענליכען אינטערעס בין איך בערייט איהם צו רו־אינירען. ער האָט אין די ביזנעס אַריינגעלעגט זיין לעצטען סענט. ער האָט געהאַט אַ פאַמיליע צו ערנעהרען. ביי זיך איז ער געוועזן איבערצייגט, דאָס מיט די עטליכע הונדערט דאָלאַר וואָס מען וועט איהם לייען, וועט איהם גע־לינגען די ביזנעס צו ראַטעווען. ער האָט מיר אויך אָנגעצייגט, דאָס די געלד וואָס איך האָב אין די ביזנעס אַריינגעלעגט, איז אויך געוועזן פרעמדע ; און אַז עס איז מיין הייליגע פליכט אַלעס צו טהאָן די געלד צו ראַטעווען.

איך האָב ענדליך אַיינגעוויליגט. איך האָב דעם מאָרטגיידזש אונטער־געשריבען. די געלד האָט אונז ווירקליך גוטעס געטהאָן. די ביזנעס האָט אָנגעהויבען צו געהן בעסער. עס האָט אויסגעוויזען, אַז אַלעס וועט זיך אויס־לאָזען ווי מיין פּאַרטנער האָט ערוואַרטעט. אָבער אין מיטען האָט זיך אַריינ־געמישט דער שטן.

## מיינע שונאים רואינירען מיינע ביזנעס

צוליעב געוויסע פּאַסירונגען אין דער יוניאַן, האָבען מיינע אַלטע שונאים מיך גענומען אַטאַקירען פון אַלע זייטען. דאָס האָט געווירקט אויף מיינע ביזנעס. איך האָב, ערשטענס, צו מיין סטאָר ניט געקענט ריכטיג אַטענדען. מיין קאָפּ איז ניט געוועזן דערביי. צווייטענס, האָבען די אַטאַקעס אָפּגעצוי־גען פון מיר טרייד. איך בין אין גאַנצען רואינירט געוואָרען. די סטאָר איז פערקויפט געוואָרען אין אָקשען, און די געלד האָט גאָטפריעד צוגענומען פאַר זיין מאָרטגיידזש. איך בין געבליבען ניט נאָר אָהן אַ סענט געלד, נאָר אויך ביז איבער׳ן קאָפּ אין חובות. מיין אויפגאַבע איצטער איז געוועזן צו אַרביי־טען און בעצאָהלען מיינע שולדען. איך האָב דאָס געטהאָן. מיינע פּריוואַט חובות האָב איך ביז איין סענט אויסגעצאָהלט. די ביזנעס־חובות האָב איך נאַטירליך ניט געקענט סעטלען. דער געריכט האָט מיר אונטערזוכט און ער־קלערט געזעצליך באַנקראָט. איך האָב זאָגאַר מיין נאָמען ניט פערלאָרען.

## דער סטרייק ביי גאָטפריעד׳ען — ווי אַזוי ער איז אויפגעהעצט געוואָרען

דער טראָבעל אין דער יוניאַן וואָס איך האָב דאָ ערשט דערמאָנט, איז איינער פון די וויכטיגסטע פּאַסירונגען אין דעם לעבען פון דער בעקער אָר־גאַניזאַציאָן. ס׳איז וויכטיג, ווייל זי דעקט אויף די שרעקליכע וואונדען, פון וועלכע די יוניאַן ליידעט אַזוי פיעל, און ווייל זי רייסט אַראָפּ די מאַסקע פון

מאַנכע פון די חברה־לייט, וואָס זיינען פעראַנטוואָרטליך פאַר פיעלע פון די צרות וואָס די יוניאַן שטעהט אויס.

אָנגעפאַנגען האָט זיך דער טראָבעל בשעת איך בין געווען דער אָרגאַניי־זער פון דער יוניאַן. ווען איך בין פון דער יוניאַן אַוועק, האָט דאָס אויסגע־וויזען, אַז אַלעס איז שטיל, און אַז דער טראָבעל איז פאָלקאָם געסעטעלט. ערשט שפּעטער, ווען איך האָב זיך מיט גאָטפריעד'ען אין די ביזנעס פערבונ־דען, האָט ער ווידער אויפגעפלאַמט.

עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען גאָטפריעד'ס שאַפּ. גאָטפריעד האָט זיי־נע בעקערייען אויף דער 72טער סטריט און 173 א. 2טע סטריט. פון דער ערשטער צייט אָן וואָס לאָקאַל הונדערט האָט זיך געגרינדעט, איז גאָטפריעד געשטאַנען אונטער זיין דזשוריסדיקשאַן. לאָקאַל הונדערט האָט מיט גאָט־פריעד'ען געקעמפּפט, האָט זיינע כוחות אַוועקגעלעגט איהם צו צווינגען צו סעטלען מיט דער יוניאַן, און איצטער, דריי יאָהר נאָך דעם ווי דיזער באָס איז געשטאַנען אונטער דעם קאָנטראָל פון לאָקאַל 100, האָט זיך דער האַר־לעמ'ער לאָקאַל מיישב געווען, און גענומען פאָדערן, מען זאָל גאָטפריעד'ען שטעלען אונטער זיין דזשוריסדיקשאַן, ווייל די 72טע סטריט איז אין האַרלעם.

איך בין דאַמאָלס נאָך געווען דער אָרגאַנייזער פון לאָקאַל 100, און איך האָב געוואוסט די אמת'ע אורזאכע, פאַרוואָס דער האַרלעמ'ער לאָקאַל האָט פּלוצלונג געוואָרפען אַן אויג אויף גאָטפריעד'ס שאַפּ. איך האָב געוואוסט, אַז די גאַנצע בעוועגונג איז אויפגעהעצט געוואָרען פון אַ געוועזענעם דעלע־גאַט פון דעם האַרלעמ'ער לאָקאַל, וועלכער איז געוואָרען אַ בעקער־באָס, און וועלכער האָט אין גאָטפריעד'ען געהאַט אַ שטאַרקען קאָנקורענט.

דיער געוועזענער יוניאַן דעלעגאַט איז נאָך איצט אויך אַ בעקער־באָס אין האַרלעם. ער האָט אין דער יוניאַן געשפּיעלט די גרענדע אין יענע גוטע צייטען ,ווען וואָקינג־דעלעגאַטען ביי בעקערס האָבען גענומען גרעפט פון יע־דען נייעם קאַנדידאַט, ווען די טיהרען פאַר נייע מעמבערס זיינען געווען פעסט פערשלאָסען, און ווען יעדער לאָקאַל איז געווען אַ קליינער טראָסטעל. צווישען דיזע דעלעגאַטען איז ער געווען דער העלד. די שאַנד־טהאַטען וואָס ער פלעגט אָפּטהאָן, לאָזען זיך אויפ'ן פּאַפּיער ניט שרייבען.

ווען דיזע לאָקאַלס זיינען אויסגערייניגט געוואָרען פון דעם אַלטען המץ, איז דער „דעלעגאַט" געוואָרען אַ באָס. זיינע גוטע ברידער זיינען אָבער אין דער יוניאַן פערבליבען, און דורך זיי האָט ער אַ לאַנגע צייט אין דער אָר־גאַניזאַציאָן געהאַט אַ היבשען איינפלוס. נאָך ביז היינטיגען טאָג איז זיין איינפלוס ניט אין גאַנצען טויט.

ער, אַלזאָ, האָט דאָס אויפגעבורעט דעם גאַנצען טראָבעל וועגען דער דזשוריסדיקשאַן פראַגע. אין האַרלעם זיינען די בעקער־באָסעס קליינע און ביי זיי קען די יוניאַן קריגען אַלע פאָדערונגען. האָט ער געהאָפט, אַז ווען גאָטפריעד וועט אַריבערגענומען ווערען אונטער האַרלעמ'ער דזשוריסדיקשאַן,

וועט די יוניאן דאַרטען פּאָדערען פון גאָטפריעד׳ען די זעלבע בעדינגונגען ווי פון די קליינע באָסעס. גאָטפריעד — האָט ער געוואוסט — וועט זיכער זיך ענטזאַגען אַזאַ סעטעלמענט צו מאַכען, און דאַן וועט די יוניאן ביי איהם ערקלעהרען אַ סטרייק; און דאָס האָט ער געוואָלט. אַ סטרייקענדע פירמאַ האָט זעהר פיעל שטערונגען אין איהרע ביזנעס, און איז דאַרום שוואַכער אויפ׳ן מאַרקעט אַלס קאָנקורענט.

לאָקאַל 100 האָט זיך ענטזאַגט אָפּצוגעבען גאָטפריעד׳ען. זי האָט געוואוסט דעם אמת וועגען דער פערשווערונג, וואָס עס איז געמאַכט געוואָרען פון „דעלעגאַט", מיט עטליכע גוטע ברידער זיינע פון דער יוניאן. די פראַגע איז פאַרגעבראַכט געוואָרען פאַר דער אינטערניישיאָנאַל, און די אינטערנייישיאָנאַל האָט איהר איבערגעגעבען צו דעם אָרגאַניזער גאָלדשטיין, ער זאָל דאָס סעטלען. (גאָלדשטיין איז געווען איינער פון די וועלכער האָט געפּאָדערט פון גאָטפריעד׳ען, דאָס ער זאָל באַקען קלענערע ברויטען ווי די קליינע באָסעס).

גאָלדשטיין, וועלכער האָט אימער געהאַט אַלס זיין אויפגאַבע מיך צו בעקעמפּפען ביי יעדע געלעגענהייט, האָט אויך דיזען מאָל ענטשידען צום גונסטען דעם האַרלעמ׳ער לאָקאַל. גאָטפריעד האָט דאַן פערלאַנגט מען זאָל אָפּוואַרטען ביז ענדע יאָהר, ווען זיין אַגרימענט מיט לאָקאַל 100 וועט זיך ענדיגען. דאַן — האָט ער ערקלעהרט — וועט ער אונטערהאַנדלען מיט לאָקאַל 305 וועגען אַ סעטעלמענט. דיזער פערלאַנג איז נאָך אַלע דעות געווען אַ גערעכטער. ווען ער האָט מיט לאָק. 100 געסעטעלט, האָט דאָך קיין אַנדער לאָקאַל איהם ניט געקליימט. דער קאָנטראַקט זיינער מיט לאָקאַל 100 האָט דאָך געהאַט די צושטימונג פון דער אינטערניישיאָנאַל, דאָס הייסט, פאַקטיש, פון אַלע לאָקאַלס וואָס געהערען צו דער אינטערניישיאָנאַל, היינט ווי אַזוי האָט איצט געקענט קומען אַ לאָקאַל און פּאָדערען, אַז ער זאָל אין מיטען טערמין מאַכען אַ נייעם אַגרימענט? גאָלדשטיין אָבער, צוזאַמען מיט די גוטע ברידער אין לאָקאַל 305, האָבען דאָס ניט געקענט פערשטעהן. זיי האָבען געפּאָדערט, אַז ניט אַנדערש אַז גאָטפריעד זאָל גלייך אַריבערגעהן אין זייער לאָקאַל און מאַכען אַ נייעם קאָנטראַקט. די פראַגע איז ווידער פאַרגעלעגט געוואָרען פאַר דער אינטערניישיאָנאַל, און זי האָט ענטשיעדען, אַז איך האָב רעכט געהאַט.

אין מיטען פון דיזען סכסוך בין איך אַוועק פון דער יוניאן. גאָטפריעד איז געבליבען אַ יוניאן שאָפּ אונטער דער קאָנטראָל פון לאָקאַל 100. איך בין אַריין אין די רעסטאָראַנט ביזנעס, און האָב מיט דער יוניאן אַלע פערבינדונגען אָפּגעשניטען. אין די עטליכע רוהיגע מאָנאַטען וואָס זיינען איצט פערלאָפען, זיינען פאָרגעקומען די פּאַסירונגען אין מיינע ביזנעס, וואָס איך האָב איצט בעשריבען. די פּאַסירונגען מיט דעם דזשאָדזשמענט וואָס איז

געגען מיין רעסטאָראַנט אַרויסגענומען געוואָרען, און מיט דעם מאָרטגיידזש, וואָס מיין פּאַרטנער האָט געקראָגען פון גאָטפּריעד'ען.

ווען איך בין פון לאָקאַל 100 אַוועק, האָט זיך פּאַר מיינע שונאים גע־עפענט אַ נייע וועלט. גאָלדשטיין איז געווען זייערער. אַ מאַכט, וואָס זאָל זיך קענען שטעלען געגען גאָלדשטיין'ען איז ניט געווען. חברה האָבען אָנ־געפאַנגען צו גראָבען אין לאָקאַל 100 גופא. זיי האָבען אויסגעטייטשט די געשיכטע מיט'ן מאָרטגיידזש, אַז דאָס האָט מיר גאָטפּריעד געגעבען האָבאַר פאַר דער טובה וואָס איך האָב איהם געטהאָן אין דער רזשוריסדיקשאַן־פּראָ־גע. אַ נייער קוואַל פון פערלוימדונג און בעשמוצונג האָט זיך אויפגעעפענט. איך האָב זיך ווי אימער אויף דעם וועניג וואָס אָפּגערופען. דערצו איז עס ביי מיר געווען אָפּגעשטימט, אָז איך בין מיט דער יוניאָן פאַרטיג, אַז איך וועל מיט איהר קיינמאָל מעהר קיין פערבינדונג ניט האָבען. איך האָב געוואוסט די סאָרט מענשען מיט וועמען איך האָב דאָ צו טהאָן, און האָב עס בעטראַכט פאַר אַ גאַנץ נוצלאָזע און אומזיסטע טירחא צו פּרובירען פאַר זיי זיך צו רעכטפערטיגען.

## סטרייק גערופען געגען די ענטשיידונג פון דער אינטערניישיאָנאַל

האָבענדיג אַ פרייע האַנד, האָבען גאָלדשטיין'ס מענשען איבערגעוואונען אַ מאַיאָריטעט פון לאָקאַל 100 אויף זייער זייט, און טראָץ די ענטשיידונג פון דער אינטערניישיאָנאַל, האָבען דיביידע לאָקאַלס בעשלאָסען ניט צו וואַרטען ביז גאָטפּריעד'ס קאָנטראַקט וועט זיך ענדיגען, נאָר איהם גלייך צווינגען אַריבערצוגעהן אין לאָקאַל 305. גאָטפּריעד האָט זיך ענטזאַגט דיזע פאָדע־רונג נאָכצוגעבען, או די יוניאָן האָט ביי איהם ערקלעהרט אַ סטרייק.

די געשיכטע פון דיזען סטרייק איז געווען אונגעפעהר די זעלבע פון די אַלע פאַריגע סטרייקס וואָס זיינען אין די גרויסע שעפּער גערופען געוואָרען. די יוניאָן האָט דערפון שרעקליך געליטען און געוואונען גאָרניט. גאָטפּריעד האָט געהאַט געננג אַרבייטער, און זיך מיט זיינע ביזנעס אָנגעגאַנגען ווי שטענדיג. פּערדיענט פון סטרייק האָבען די קליינע באָסעס, וועלכע האָבען ביי גאָטפּריעד'ען צוגענומען אַביסעל טרייד, און האָבען זיך מיט דער געלע־גענהייט בענוצט די אַרבייטער אַביסעל צו צודריקען. (איך האָב שוין אָנגע־וויזען, דאָס יעדען מאָל וואָס די יוניאָן פיהרט אַ סטרייק ביי אַ גרויסען באָס, דריקען די קליינע באָסעס אַראָפּ פון די פּרייזען. זיי ווייסען, אַז די יוניאַן איז דאָן צו שוואַך מיט זיי זיך צו פערטשעפּען).

אַזוי ווי געווינען דעם סטרייק האָבען די אויפהעצערס ניט געקענט, האָ־בען זיי זייער צאָרן אויסגעלאָזען צו מיר. זיי האָבען פון מיין מאָרטגיידזש־געשיכטע געשלאָגען אוצרות פון פערלוימדונגס־קאַפּיטאַל. עס האָט געהיי־

סען, אַז איך לאָז גאָטפריעד'ען ניט סעטלען ; אַז איך קעמפּף שטילערהייד נעגען דער יוניאַן ; אַז איך בין דער טייפעל פון בעקער־טרייד ; אַז איך קען טהאָן וואָס פאַר בייזעס איך וויל נאָר.

די פערלוימדונגען און בלבולים האָבען געווירקט אויף מיינע ביזנעס. ווי געזאָגט, האָט עס אַוועקגענומען מיין קאָפּ פון געשעפט, און אויך פערטריבען פון מיר פיעלע קאַסטימער. דער סוף איז געווען, אַז מיין „טייערער פריינד", גאָטפריעד, דער באָס, פאַר וועמען איך האָב די יוניאַן „פערראַטהען", און וועמען איך האָב „אַזוי פיעל גוטעס געטהאָן", ער האָט דעם מאָרטגיידזש „פאָרקלאָוזד", פערקויפט די סטאָר אין אָקשען און צוגענומען יעדען סענט, וואָס דער סייל האָט אַריינגעבראַכט.

# איך האָב אַן עהרען געריכט

גלייך ווי איך בין פון די ביזנעס אַרויס, האָב איך געקראָגען אײנלאַדונגען פון עטליכע יוניאָנס איך זאָל ווערען זייער אָרגאַנייזער. איך האָב געענט־פערט, אַז איך קען ניט קלערען זאָגאַר וועגען צוריק אַריינטרעטען אין דער ארבייטער בעוועגונג, ביז וואַנען דער „גאָטפריעד־מאָרטגיידזש" וועט ניט אונטערזוכט ווערען פון אַ קאָמיטע פון אַנפּערטרויטע מענשען פון דער בע־וועגונג. איך האָב געפאָדערט אַן עהרען־געריכט, אין וועלכען די „פער. איד. געוו.", דער „פאָרווערטס", די „פרייע אַרבייטער שטימע" און דער אַרבייטער רינג זאָלען זיין פערטראָטען. מיין פערלאַנג איז בעוויליגט געוואָרען.

דער עהרען־געריכט האָט פערבראַכט פיער וואָכען צייט אין איהר אַר־בייט. דער געריכט האָט אונטערזוכט די ביכער פון מיין ביזנעס, האָט אויס־געפאָרשט אַלע מיינע חשבונות, הלואות און אויסצאָהלונגען. ער האָט אונ־טערזוכט יעדע איינצעלהייט, וואָס איז געווען פערבונדען מיט דער מאָרט־גיידזש געשיכטע ; ער האָט אויסגעהערט אַלעס, וואָס מיינע שונאים האָבען וועגע דעם געהאַט צו זאָגען, און דאַן האָט ער אַרויסגעטראָגען אַן אורטהייל, אין וועלכען אַלע ריכטער זיינען געווען איינשטימיג.

# דער אורטהייל

און דיזער אורטהייל איז געווען :

אַז די בעשולדיגונגען געגען מיר זיינען אָהן אַ שום גרונד ; אַז איך בין אונשולדיג פון אירגענד וועלכע שלעכטע האַנדלונג אין בעצוג צו דער יוניאַן ; אַז די אַלע אַטאַקעס אויף מיר קומען אויס פערזענליכע מאָטיווען.

און ערשט דאַן, ווען די אַלע קלאַנגען און פערלוימדונגען זיינען צוריק־געשטויסען געוואָרען פון אַן עהרען־געריכט, וועלכע די גאַנצע בעוועגונג האָט געמוזט אַנערקענען אַלס עהרליך און אונפּאַרטייאיש ערשט דאַן האָב איך איינגעוויליגט צוריק צו געהן אין דער יוניאַן בעוועגונג. איך בין געוואָרען דער אָרגאַנייזער פון דער נעקוועך מייקער יוניאַן.

## דער שרעקליכער רעזולטאַט פון גאָטפריעד׳ס סטרייק

דער סטרייק איבער דער דזשורישדיקשאָן פראַגע איז נאָך אָנגעגאַנגען. די יוניאָן האָט פערלאָרען און פערלאָרען. די צוויי אַנדערע גרויסע באָסעס פון דער איסט סייד, מעססינגער און גרובער, זיינען געקומען גאָטפריעד׳ען צו הילפע, און האָבען געמאַכט אַ לאָק־אויט אויף זייערע יוניאָן אַרבייטער. ווי אימער אין אַזוינע פעלע, האָבען די קליינע באָסעס זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט און גענומען שטאַרק אונטערדריקען זייערע אַרבייטער. די יוניאָן איז געוואָרען שוואַכער פון טאָג צו טאָג. צרות ברענגען אַריין קריעג. די אַרבייטער זיינען איצטער צוריסען געוואָרען אויף צוויי פראַקציאָנען: איינע, וועלכע האָט אַיינגעזעהן די נאַרישקייט פון דעם אומזיסטיגען קאַמפּף, און וועלכע האָט געראַטהען מען זאָל דעם סטרייק סעטלען; און די צווייטע, וועלכע האָט געוואָלט ניט אַנדערש, אַז מען זאָל ווייטער סטרייקען, און מען זאָל לאָזען די יוניאָן זינקען נידעריגער און נידעריגער. גאָלדשטיין איז געווען דער אָרגאַנייזער און פיהרער פון סטרייק. אַכט מאָנאַטען האָט זיך דער קאַמפּף אַזוי געצויגען. מען קען זאָגען, אַז ביי דער ענדע פון דיזער צייט זיינען ביי דער יוניאָן אויסגעגאַנגען אַלע כוחות. מעמבערס האָבען ניט געצאָהלט קיין דיוס. די יוניאָן האָט ניט געהאַט זאָגאַר אויף קיין רענט צו בעצאָהלען. די קלענערע באָסעס האָבען איינער נאָכ׳ן צווייטען גענומען מאַכען לאָק־אַוטס. ניט נאָר האָט די יוניאָן פערלאָרען די דריי גרויסע באָסעס, נאָר אויך זיעבעצעהן קלענערע, מאַנכע פון זיי גאַנץ וויכטיגע. אין געוויסע הינזיכטען זיינען די אַרבייטער איצט געווען אין אַן ערגערע לאַגע ווי בעפאָר דעם גרויסען דזשענעראַל סטרייק.

## גאָלדשטיין בעט זיך ביי מיר איך זאָל ווידער ווערען אָרגאַנייזער

און דאַן, ווען די יוניאָן איז געלעגען אויף אַ טוידטען־בעט, איז זי געקומען צו מיר איך זאָל זי אָפּראַטעווען. דיזע ווערטער וועלען פיעלייכט קלינגען צו שטאַרק, אָבער דאָס איז דער ריינער אמת. איך וויל דיזע פאַקטען זאָלען אַריינזינקען אין די מוחות פון דער אונפּאַרטייאישער וועלט, פאַר ווען איך לעג איצט פאַר מיין קיים. לעזט די פאָלגענדע פּאַסירונגען מיט אייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט:

דער ערשטער וואָס איז געקומען מיך אויפפאָדערען איך זאָל צוריקגעהן אין דער יוניאָן, איז געווען גאָלדשטיין, דער מאַן וואָס איז אימער געווען און איז נאָך ביז היינטיגען טאָג דער אָנפיהרער פון מיינע געגנער. ער איז געקומען אין די געווערקשאַפטען, און דאָרטען געמאַכט אַן אַפּיעל, אַז איך זאָל קומען ראַטעווען די יוניאָן פון אונטערגאַנג. (דאָס קען בעוויזען ווערען מיט די פּראָטאָקאָלען פון די געווערקשאַפטען). אין זיין רעדע האָט ער מיך

גערוהמט ביז דעם הימעל ; און האָט ביי מיר מחילה געבעטען פאַר אַלעם וואָס ער האָט אין דער פערגאַנגענהייט גערעדט און געטהאָן געגען מיר. איך האָב אָבער געוואוסט פון מיין ערפאַהרונג, אַז מיינע פערלוימדער וועלען צו־ריק אַרויפפאַלען אויף מיר, גלייך ווי די אָרגאַניזאַציאָן וועט צו זיך קומען, און איך האָב זיך ענטזאַגט גאָלדשטיין׳ס אַפּיעל צו פאָלגען.

## גאָלדשטיין אַנטלויפט ווידער

איך האָב אָנגעשריבען אַ בריעף אין „פאָרווערטס“, אין וועלכען איך האָב ערקלערט, אַז איך בין וויליג צו טהאָן אַלעם אין מיינע קרעפטען דער יוניאָן צו העלפען אַלס אויטסיידער ; אָבער אַז צוריק ווערען דער אָרגאַנייזער איז פאַר מיר אונמעגליך ; און איך האָב ווירקליך געטהאָן אַלץ וואָס איך האָב געקענט. אָבער די לאַגע פון דער יוניאָן איז אימער ערגער געוואָרען. די ענדע איז געווען, אַז גאָלדשטיין האָט אַלעם אַוועקגעוואָרפען און איז פון ניו יאָרק איינפאַך אַנטלאָפען.

דאָס האָט איבערגעלאָזען די יוניאָן אין אַ שרעקליך־קריטישע לאַגע. די ביטערסטע שונאים מיינע זיינען געקומען איינציגווייז און אין גרופּעס און זיינען איינפאַך מיר צו די פיס געפאַלען איך זאָל ראַטעווען זייער אָרגאַני־זאַציאָן. זיי זיינען געקומען צום „פאָרווערטס“ און צו די געווערקשאַפטען און געפאָדערט זיי זאָלען מיך צווינגען צוריקצוגעהן אין דער יוניאָן. זיי האָבען ערקלעהרט, דאָס אויב איך וועל אין אַזאַ צייט ניט פערגעסען מיינע קריוודעס געגען זיי, וועט דאָס בעווייזען, אַז איך בין אַ פיינד פון דער יו־ניאָן. אַלערליי טענות, אַלערליי אַרגומענטען האָבען זיי פאָרגעבראַכט, צו ווירקען אויף מיר צו ענדערען מיין בעשלוס.

## מיט געוואַלד ווער איך צוריקגעבראַכט אין דער יוניאָן

און אַם ענדע האָבען זיי מיך איינפאַך מיט געוואַלד אַריינגעשלעפּט אין דער יוניאָן. זיי האָבען פעררופען אַ מיטינג, ביי וועלכען אַלע מעמבערס זיי־נען אַנוועזענד געווען, און געגען מיין ווילען מיך איינשטימיג ערוועהלט אַלס אָרגאַנייזער. איך בין דאַן געזעסען אין אָפיס פון די נעקווער מייקערס יוניאָן. אַ גרויסע קאָמיטע איז צו מיר אַרויף און מיר איינפאַך אַרונטערגעטראָגען צו דעם מיטינג אין דעם גרויסען קלינטאָן האָלל. די סצענע וואָס האָט זיך דאַן אָפּגעשפּיעלט איז ניט צו בעשרייבען. דער ענטהוזיאַזם וואָס האָט אויסגע־בראָכען צווישען די אַנוועזענדע, האָט אויף מיר אַזוי שטאַרק געווירקט, אַז איך האָב אין אַלעם פערגעסען. די גרויסע מאַסע אַנוועזענדע האָט מיך מי־נוטען לאַנג געטשירט און אַפּלאָדירט. איך האָב מיין קאָפּ איינפאַך פערלאָ־רען, און איינגעוויליגט דעם עלעקשאַן אָנצונעהמען.

איך האָב זיך דאַן אַ נעהם געטהאָן צו דער אַרבייט. איך האָב גלייך אויף מאָרגען אָפּגעהאַלטען קאָנפערענצען מיט פערשיעדענע בעאַמטע פון דער

אינטערנעישיאָנאל און האָב זיי, די באָסעס, געגעבען אולטימאַטומס צו סעט־לען מיט דער יוניאן

איך האָב גענומען איינפיהרען אָרדנונג אינסייד, צוריקצובריינגען די אַל־טע דיסציפּלין צווישען די מעמבערס. איך האָב אויפגעפאָדערט יעדערען איינצוצאָהלען זיינע צוריקשטעהענדע דיוס, און מיין אויפפאָדערונג האָט געווירקט. אין גאָר אַ קורצע צייט איז אַריינגעקומען אַכט טויזענד דאָלאַר. גאָלדשטיין האָט איבערגעלאָזען זעקס טויזענד דאָלאַר חובות. זיי זיינען שולדיג געווען טויזענדע דאָלארס דער אינטערנעישיאָנאַל. עס זיינען ניט אַוועק קיין פיעלע וואָכען ביז וואַנען איך האָב דאָס אַלעס אויסגעצאָהלט פון די געלד וואָס האָט איצט גענומען אַריינשטראָמען אין דער יוניאן. פיעלע מעמבערס זיינען געשטאַנען אונטער קאָורט־קלאַגען פאַר פּיקעט־אַרבייט אין דער סטרייק־צייט. איך האָב פאַר זיי גערונגען לאָיערס, וועלכע האָבען די קייסעס געפּייט און זיי בעפרייט.

# איך שטעל די יוניאן צוריק אויף די פיס

באַלד איז בעקאַנט געוואָרען אין טרייד דאָס די יוניאן שטעהט ווידער פעסט אויף איהרע פיס. די מעמבערס האָבען צוריק געוואונען זייער אַלטען צוטרויען אין זייער אייגענער מאַכט, אין דער מאַכט פון זייער אָרגאַניזאַ־ציאָן. זיי האָבען דערפיהלט, אַז זיי קענען ווידער קעמפּפען און געווינען. איך האָב די יוניאן שעפער גענומען אונטער אַ שטרענגען אויפזיכט, און גע־זעהן פערזאָרגען דזשאַבס פאַר אַזוי פיעל לעדיג־געהער ווי נאָר מעגליך. עס האָט זיך אין די יוניאן־העדקוואָדערס גענומען פיהלען אַזוי ווי אין די גוטע אַלטע צייטען.

און דאָס האָט געהאַט די נויטיגע ווירקונג אויף די באָסעס. זיי האָבען זיך גענומען רעכענען מיט דער יוניאן, און זיך גענומען צוהערען צו אונזערע פאָדערונגען. איך האָב אָפּגעהאַלטען מיט זיי איין קאָנפערענץ נאָך דער צווייטער, ביז וואַנען מיר האָבען אויסגעאַרבייט אַן אַגרימענט (אין די קאָנ־פערענצען פלעגען זיך בעטהייליגען די אינט. און ב. וויינשטיין פון די געוו.), אויף וועלכעןביידע צדדים זאָלען קענען איינגעהן. עס איז אמת, דאָס די־זער קאָנטראַקט איז אין מאַנכע פּונקטען געווען ערגער ווי דער קאָנטראַקט, וואָס די קליינע באָסעס האָבען געהאַט אונטערגעשריבען, אָבער איך האָב געוואוסט, אַז בעסערע בעדינגונגען איז פון די גרויסע באָסעס אונמעגליך צו קריגען.

איך האָב זיך אויף זיך אַליין ניט פערלאָזען. איך האָב דעם קאָנטראַקט פאָרגעלעזען פאַר אַלע מעמבערס פון דער יוניאן ; און ניט מיינט, אַז איך האָב איהם בלויז פון פאָרמע וועגען אָפּגעלייענט און דורכגעשמוגעלט. ניין ! איך האָב אויפגענומען יעדען פּונקט בעזונדער און אויפגעפאָדערט די מעמ־בערס זיי זאָלען איהם גרינדליך דיסקוטירען. זיי זאָלען זאָגען אַלעס וואָס זיי

האבען צו זאָגען וועגען איהם דאַפיר און דאַגעגען. מיר האָבען שטונדען־לאַנג אין דער דעבאַטע פערבראַכט, און איך וויל דאָ אויסזאָגען אַ סוד, דאָס גראַדע די ביטערע שונאים מיינע האָבען געפיהרט די אַגיטאַציאָן דאַפיר, אַז מען זאָל דעם קאָנטראַקט אָננעהמען מיט אָפענע אויגען. נאָך אַ פולע גרינד־ליכע דיסקוסיאָן האָט די יוניאָן דאַן געשטימט גוטצוהייסען דעם קאָנטראַקט; און ווען די באָסעס האָבען איהם אונטערגעשריבען, איז אין דער אָרגאַניזאַ־ציאָן יום־טוב געווען. אַלע האָבען ערקלערט, דאָס וואָס איז געווען דער ריי־נער אמת, אַז דיזער סעטעלמענט, אָדער לאָמיר פּליינער זאָגען, דיזע פּשרה מיט די גרויסע באָסעס האָט געראַטעוועט די יוניאָן פון אַ זיכערען טוידט, האָט זי אַרויסגענומען פון אונטער די הענד פון מלאך המות.

## די קליקע לעבט ווידער אויף

און איצט קומען מיר צום רעכטען און צום טראַגישסטען קאַפּיטעל פון דער גאַנצער געשיכטע. איך וויל איהר זאָלט אין זינען האָבען לעזענדיג די פאָלגענדע פּאַסירונג, וואָס איך האָב ערשט אויבען דערמאָנט. איך וויל, איהר זאָלט געדענקען די גאַנצע צייט, דאָס איך בין צו דער יוניאָן אַריינגעשלעפּט געוואָרען ; דאָס גאָלדשטיין און אַלע מיינע פריהעריגע געגנער זיינען מיר איינפאַך צו ז'י פיס געפאַלען, אַז איך זאָל צוריקקומען ; דאָס מיין צוריק־קומען האָט די יוניאָן געראַטעוועט פון אַ זיכערען אונטערגאַנג ; דאָס דער סעטעלמענט, וועלכען איך האָב מיט די גרויסע באָסעס געמאַכט, איז בעפאָר דיסקוטירט געוואָרען און אָנגענומען געוואָרען פונקט ביי פונקט פון די מעמ־בערס פון דער אָרגאַניזאַציאָן.

און אָט מיט דיזע פאַקטען לעזט וואָס עס האָט גלייך נאָכדעם פּאַסירט :

דער זעלבער גאָלדשטיין וואָס האָט אַפּעלירט אין די געווערקשאַפטען, איך זאָל איהם העלפען זיך אַרויסראַטעווען פון דעם זאָגענאַנטען גאָטפּריעד, מעסינגער און גרובער סטרייק, האָט צוזאַמען מיט אַ קליקע מעמבערס פון דער יוניאָן גענומען אינטריגירען געגען מיר אויף אַ פּיעל שענדליכערען אופן ווי ווען עס איז בעפאָר. זיין קליקע איז בעשטאַנען פון אַ הייפעלע מענשען, וועלכע האָבען אין די סטרייק מאָנאַטען געצויגען גרעפּט פון דער יוניאָן און פון אַזוינע, וואָס האָבען אין דעם אַלטען כאַאָטישען צושטאַנד פון דער אָרגאַ־ניזאַציאָן זיך אַרויפגעהויבען צום סאַמען אויבען־אָן און האָבען איצט דיזען שעהנעם פּלאַץ געמוזט פערלאָזען און געהן אהין וואו זיי האָבען בעלאַנגט, אַזוי שנעל ווי איך האָב זיך אַריינגעמישט צו העלפען דער יוניאָן.

## קאָרופּציאָן אונטער גאָלדשטיין'ס אַדמיניסטראַציאָן

איך האָב שוין אויבען בעמערקט, דאָס אין יעדען פערצווייגענעם סטרייק ענטוויקעלט זיך אַן עלעמענט, וואָס מאַכט אַ לעבען פון דעם סטרייק. זיי דיענען כלומר'שט אויף קאָמיטעס אָדער זיי טהוען כלומר'שט פּיקעט־אַר־

בייט. ווען איך בין דורכגעגאנגען די חשבונות פון די סטרייק־מאַנאַטען, האָב איך ענטדעקט דאָס 17 בעקער האָבען געצווינגען סטרייק בענעפיטס, כאָטש זיי זיינען דערצו ניט געווען בערעכטיגט. מען האָט זיי ארויפגעשטעלט אויף דער סטרייק־ליסטע כאָטש זיי האָבען ניט געסטרייקט; איך האָב געפונען דאָס 7 לייטע האָבען אין דער צייט פון מיין אַבוועזענהייט אַ לאַנגע צייט געצויגען קראַנקען בענעפיט, צו וועלכע זיי זיינען ניט געווען בערעכטיגט; איך האָב ענטדעקט, דאָס אַ געוויסע גרופּע מענשען האָבען זיך איינגעוואָהנט צו לעבען אויפ'ן חשבון פון דער אָרגאַניזאַציאָן. גאָלדשטיין האָט זיי דעריין געהאָלפען, וואַהרשיינליך דערפאַר, וואָס ער האָט געפיהלט, אַז דאָס איז די בעסטע וועג ווי צו קריגען זייער סופּאָרט.

איך האָב דיזע לייטע געקענט פון אַלטע צייטען. איך האָב גאַנץ גוט גע־וואוסט, אַז מיט זיי זיך צו פערטשעפּען, הייסט אַריינצוטהאָן די הענד אין פייער. אָבער איך האָב אויך געוואוסט, דאָס דיזע מעטהאָדע גאָלדשטיין'ס איז געווען פעראַנטוואָרטליך פאַר די דעמאָראַליזאַציאָן פון אונזער יוניאָן. איך האָב געוואוסט, דאָס איינע פון די הויפּט אורזאַכען פאַרוואָס די יוניאָן איז שיער ניט צו גרונד געגאַנגען, איז געווען דאָפיר, וואָס ער האָט זיך אַרומ־גערינגעלט מיט דיזע לייט, וועלכע האָבען נאָר אין זינען געהאַט צו ציהען פון דער אָרגאַניזאַציאָן אַלץ מעהר גרעפּט און צו פערלענגערען דעם סטרייק, כדי צו קענען די גרעפּט פערדיענען, און איך האָב בעשלאָסען דערצו אַ סוף צו מאַכען. איך האָב געוואוסט, אַז אין דער יוניאָן זיינען דאָ גאַנץ גענוג עהרליכע מענשען מיט פּונקט אַזוי פיעל ענערגיע און קאַמפּפס גייסט און פעהיגקייט ווי דיזע אָנשיקענישען, און אַז אַלע וועלען מיר אין מיין קאַמפּף געגען דער קליקע בעהילפיג זיין.

איך האָב אַלזאָ גלייך אָפּגעשאַפּט דיזע איינגעוואָרצעלטע גרעפּט־ביזנעס. אייניגע פון דער קליקע האָבען זיך אונטערגעגעבען, און זיינען זיך שטיל אַוועק זוכען אַנדערע דזשאַבס. מאַנכע אָבער האָבען אויפגענומען דעם קאַמפּף געגען מיר. זיי האָבען געוואוסט, אַז זיי וועלען אימער האָבען גאָלדשטיין'ס שטיצע. זיי האָבען אויך געוואוסט, אַז דער אַלטער האַס פון די אַנדערע לאָ־קאַלס געגען מיר פאַר אָרגאַניזירען אַ יוניאָן אויף דער איסט סייד און פאַר סעטלען מיט די גרויסע באָסעס, וועט שטענדיג עקזיסטירען. מיט דיזען דאָ־פּעלטען סופּאָרט און מיט דער הילפע פון דער טעמעני צייטונג האָבען זיי די מלחמה געגען מיר אָנגעפאַנגען.

די מלחמה איז בעשטאַנען אין מיך בעשמוצען און פערלוימדען, אין אויפהעצען מעמבערס און אין מאַכען שטערונגען און פעראורזאַכען שטע־רונגען ביי די מיטינגען און אין אַנדערע פּלעצער וואו די בעקער פּלעגען זיך פערזאַמלען. די אַטאַקעס אויף מיר האָבען מיך ווייניג וואָס געטשעפּעט. איך האָב אָבער בעשלאָסען אַ סוף צו מאַכען צו די חוליגאַנסקע ארבייט, וואָס די חברה האָט אָנגעפיהרט אין דער יוניאָן גופא.

## "מאַטעל לאַטעק" און זיינע "בענעפיטס"

איינער פון דיזע הויפּט־כוליגאַנעס איז געווען אַ בעקער מיט דעם נאָמען מאַקס פלײשער. אין טרייד איז ער בעקאַנט אַלס "מאַטעל לאַטעק". וועגען זיין פערגאַנגענהייט ווייסען אַלע בעקער, זאָגאַר די, וואָס זיינען איצט זיינע בעסטע פריינד. מיך האָט אָבער זיין פערגאַנגענהייט ניט געקימערט; גע־קימערט האָט מיר דאָס, וואָס ער פלעגט אָפּטהאָן אין דער יוניאָן.

דיזער חברה־מאַן האָט זיך געמאַכט אַ מאָדע צו מאַכען פאַר זיך טהע־אַטער בענעפיטס צוויי מאָל אַ יאָהר. ער פלעגט זיך קויפען פאַר אַ פּאָאַר הונדערט דאָלאַר טיקעטס און צווינגען די מעמבערס פון דער יוניאָן זיי זאָלען דאָס ביי איהם קויפען. די מעמבערס, וויסענדיג וואָס פאַר אַ סחורה ער איז, פלעגען מורא האָבען איהם צו ענטזאָגען.

מיט פערקויפען צו איינצעלנע מעמבערס האָט ער זיך אָבער ניט בענו־גענט. ער פלעגט קומען צו דער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון דער יוניאָן און פאָ־דערען, אַז זיי זאָלען נעהמען אַ געוויסע צאָהל טיקעטס פאַר דער גאַנצער אָרגאַניזאַציאָן. ער האָט, הייסט עס, איינפאַך אַרויפגעצוואונגען אַ טעקס אויף דער יוניאָן פאַר זיך. ער האָט איהר געצוואונגען איהם צו צאָהלען צוויי מאָהל אַ יאָהר אַ געוויסע סומע בלעקמייל.

דיזער לאַטעק איז געווען איינער פון די חברה, וואָס האָט שטענדיג גע־ציטערט פאַר מיין מאַכט אין דער יוניאָן. ווען איך בין איצטער צוריקגע־קומען האָב איך אָנגעזאָגט די מעמבערס זיי זאָלען מעהר דיעזען יונג קיין גרעפּט ניט צאָהלען. ווען ער איז געקומען מיט זיינע טיקעטס צו דער עקזע־קוטיוו קאָמיטע האָט זי זיך ענטזאָגט צו קויפען.

אויף דיעזע האַנדלונג פון דער קאָמיטע האָט דער בויאַן געענטפערט מיט שעהנדליכע זידלערייען. דער טשערמאַן האָט איהם בעפעהלען צו פערלאָזען דעם צימער. פאַר דיעזע "העזה" האָט לאַטעק אַרויסגעצויגען אַ מעסער און דעם טשערמאַן גאַנץ ערנסט צושטאָכען. אַ צווייטער מעמבער פון דער עק־זעקוטיוו, וועלכער האָט דעם טשערמאַן געוואָלט העלפען, איז אויך פון לאַ־טעק'ן צושטאָכען געוואָרען (פאַר מילער'ס צייטונג איז דאָס ניט געווען אינ־טערעסאַנט).

## די אינטערנײשיאָנאַל הייסט לאַטעק'ן אַרויסוואַרפען

דיעזער סקאַנדאַל האָט אויפגעקאָכט דער אָרגאַניזאַציאָן. ווייטער געהן האָט דאָס ניט געקענט. מיר האָבען אויף איהם געבראַכט קלאַגען אין דער אינטערנײשאָנאַל, און דער פערבאַנד האָט בעפעהלען זיין אָרגענייזער קאָף, ער זאָל מאַכען אַ גרינדליכע אונטערזוכונג. דאָס האָט קאָף געטהאָן. און זיין רעקאָמענדיישאָן נאָך אַ גרינדליכע אונטערזוכונג איז געווען, דאָס מאַטעל לאַטעק און זיינע חברים און אונטערשטיצער זאָלען פון דער יוניאָן אַרויס־געוואָרפען ווערען.

די רעקאמענדיישאָן איז געשיקט געוואָרען צו דער עקזעקוטיווו פון דער אינטערנעישאָנאל, און זי האָט איהר גוטגעהייסען. די יוניאַן האָט אויך ביי אַן אַלגעמיינעם מיטינג דיעזען פּסק אָנגענומען. דער „פאָרווערטס" און די געווערקשאַפטען, וואו דיזע פראַגע איז גרינדליך בעשפּראָכען געוואָרען, האָבען ביידע אונטערשטיצט די האַנדלונג פון דער יוניאַן און פון דער אינטערנעשיאָנאל.

## לאַטעק און מיללער מאַכען אַן אָפּאָזיציאָנס יוניאַן

דיזע אַרויסגעוואָרפענע געזינדעל האָט איצט אָנגעגורט איהרע לענדען צו פערניכטען די גאַנצע בעקער יוניאַן. צוזאַמען מיט עטליכע פּראָפעסיאָנעלע סקעבס און מיט דער הילפע פון עטליכע באָסעס, האָבען זיי אָרגאַניזירט אַן אינדאָסטריאל יוניאַן, אָדער בעסער געזאָגט, אַן אָפּאָזיציאָנס יוניאַן. דער אָר־גאַן פון אַלע צושטערער פון דער ארבייטער בעוועגונג, מיללער'ס טעמעני צייטונג איז נאַטירליך געוואָרען דער טשעמפּיאָן פון דיזער „יוניאַן". די באָסעס האָבען זיך דערפרעהט, און שעהנע עטליכע צעהנדליג פון זיי האָבען איינגעווילינגט מיט דיזער סקעב אָרגאַניזאַציאָן. מיללער האָט געאַרבייט אויף אַלע כלים צו דיסקרעדיטירען די אַלטע יוניאַן און בוסטען די נייע. אַלערליי שענדליכע בלאָפס געגען מיר זיינען געדרוקט געוואָרען כמעט טאָג טעגליך. מאָטעל לאָטעק איז אָפּגעמאָהלט געוואָרען אַלס אַ ריינער, כשר'ער מלאך, וועלכער איז פון איהר פערפאָלגט געוואָרען צוליעב זיין הייליגקייט און ריינ־קייט. די שותפים מאָטעל'ס זיינען אויך פערוואַנדעלט געוואָרען אין הייליגע מענשען. אַלע טיכטיגע מעמבערס פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן און פון די פעראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען זיינען פערדאַמט געוואָרען אַלס באַנ־דיטען, מעסער־העלדען און גענגסטערס. איין ריינע ארבייטער אָרגאַניזאַציאָן האָט פאַר דער „וואַרהייט" עקזיסטירט, און דאָס איז געווען די נייע בעקער־יוניאַן מיט „מאָטעל לאָטעק" אַלס פיהרער.

## דער פינסטערער סוף פון דיזער סקעב אָרגאַניזאַציאָן

די יוניאַן אונזערע האָט אויפגענומען דעם קאַמפּף געגען די באָסעס וואָס האָבען געסעטעלט מיט די סקעבס. אויף אונזער זייט זיינען געשטאַנען די אינטערנעישאָנאל, די געווערקשאַפטען, דער „פאָרווערטס", די גאַנצע אידי־שע ארבייטער בעוועגונג. דער קאַמפּף איז ניט געווען קיין לאַנגער. די באָ־סעס האָבען שנעל איינגעזעהן, דאָס זייער האָפנונג, אַז די סקעב יוניאַן וועט אָפּציהען אַ טהייל פון דער אַלגעמיינער בעוועגונג צו זיך, און אויף אַזאַ אופן צוטהיילען די מאַכט פון די ארבייטער, אַז דאָס וועט קיינמאָל ניט מקוים ווערען. זיי האָבען זיך פון דער סקעב באַנדע אָפּגעטרייסעלט. די זאָגענאַנ־טע יוניאַן איז איבער נאַכט צופאַלען. פון איהר איז זאָגאַר קיין זכר ניט

געבליבען. מיללער האָט נעבאך ניט געהאַט אפילו איבער וועמען און איבער וואָס קדיש צו זאָגען.

מיללער'ס צאָרן איז איצט געוועזן אָהן א גרענעץ. ער האָט נעבאך אויף דער אָפּאָזיציאָן יוניאָן געלעגט אזוי פיעל האָפנונג, וועלכע זיינען צושמאָלצען געוואָרען. מיט מעהר גאַל און גיפט האָט ער איצט זיינע אטאַקעס אויף מיר פאָרטגעזעצט. די אַרויסגעוואָרפענע מעמבערס האָבען נאטירליך איהם געהאָלפען. זיי האָבען איהם בעזאָרגט מיט פעק פון ליגענס און בלבולים, און ער האָט דאָס צוגעריכט אויף זיין בלאָפערישען שטייגער און עס צופּויקט פאַר זיינע לעזער. וואָס א טאָג בין איך אין דער „ווארהייט" אַלץ שווארצער און שרעקליכער געוואָרען. איך וויים ניט, צי עס האָט ווען עס איז געלעבט אזא מאָנסטער אויף דער וועלט ווי מיללער'ס שווארצע פאַנטאַזיע האָט מיך געשילדערט.

# דער שרעקליכער פאַל מיט די צוויי פערשיקטע בעקער

געווירקט האָט עס אויף דער ארבייטער בעוועגונג גאַנץ ווענינ. מיין פּלאַץ אין איהר און אין דער בעקער יוניאָן איז דורך דעם אויף א האָאר ניט שוואַכער געוואָרען. אָבער אויף די פיינד מיינע האָט עס יא געווירקט. דאָס האָט אויפגעפלאַמט זייערע מוחות און אויפגעקאָכט זייער בלוט. ווען זיי האָבען געלעזען מיללער'ס מליצה וועגען מיין פערזאָן, האָבען זיי גענומען פיהלען, אַז זיי זיינען בערעכטיגט מיט מיר צו טהאָן וואָס זיי ווילען. איבער־הויפּט האָט דאָס געמוזט ווירקען אויף דעם פערקריפּעלטען מארך פון מאָטעל לאָטעק. ער האָט בעשלאָסען מיך צו ערמאָרדען, און האָט זיין בעשלוס שיער ניט דורכגעפיהרט.

עס האָט פּאַסירט דעם 15טען אויגוסט פון לעצטען יאָהר. אין יענעם טאָג האָט אין בעטהאָווען האָלל געראַרפט שטאַטפינדען א קאָנפערענץ פון יוניאָן בעאַמטע וועגען געוויסע פראַגען אין דער בעקער יוניאָן. איך בין גע־גאַנגען צום קאָנפערענץ, איז צו מיר לאָטעק צוגעלאָפען מיט א געלאָדענעם רעוואָלווער. ער האָט דעם רעוואָלווער געציעלט אויף מיר. צום גליק האָט איינער פון מיינע בעגלייטער בעצייטענס איהם א זעץ געטהאָן איבער דער האנד, און זיין וואפע איז אַראָפּגעפאַלען צו דער ערד.

לאָטעק איז אַנטלאָפען. אין סטריט איז געוואָרען א מהומה. א גרויסע מאַסע מענשען האָט זיך נאָך איהם א לאָז געטהאָן און נאָך א לאַנגען געיעג געכאַפּט. ער איז אַרעסטירט געוואָרען און די גרענד דזשורי האָט איהם איני־דייטעד פאַר מאַכען א פערזוך צו בעגעהן א מאָרד און פאַר טראָגען וואפען. ער איז איינגעשפּאַרט געוואָרען אין די טומס, ווייל קיינער האָט פאַר איהם ניט געוואָלט געבען קיין בייל.

זיבען וואָכען זיינען אזוי פערבייגעלאָפען. דאַן האָט די „ווארהייט" איינגעזעהן, אַז זי האָט דאָ א נייע געלעגענהייט מיך צו פערלוימדען, און זי

האָט זיך אַ נעהם געטהאָן צו דער ארבייט. זי האָט געלאָזט וויסען איהרע לעזער, דאָס איך האָב אויף דעם אָרימען, אונשולדיגען מאָטעל לאָטעק גע־מאַכט אַ בלבול; דאָס איך זוך דיזען כשר'ן יוניאָן־מאַן ארייננצופּאַקען אויף צוואַנציג יאָהר אין פּריזאָן, בלויז דערפאַר וואָס ער איז מיינער אַ געגנער, און וויל ניט איך זאָל זיין דער אָרגאַנייזער פון דער בעקער יוניאָן.

## לאָטעק ווערט געקרוינט אַלס הייליגער מאַרטירער

דיזער טייפלישער פּלאַן האָט אַפּעלירט צו די מוחות פון אַלע מיינע שונאים. זיי האָבען זיך איצט ווידער פעראייניגט אונטער דער שווארצער פאָהן פון דיזער צייטונג און גענומען פּויקען און שרייען, דאָס איך האָב גע־מאַכט אַ בלוט־בלבול אויף אַן אונשולדיגען „פאַמיליען־מאַן“ אַלע ארויסגע־וואָרפענע מעמבערס פון לאָקאַל, אַלע סקעבס און באָסעס, וואָס האָבען גע־מאַכט דעם פּערזוך צו גרינדען אַן אָפּאָזיציאָנס יוניאָן, אַלע פּיהרער פון די אַנדערע לאָקאַלס, ווענן לאָקאַל 100 איז אימער געשטאַנען ווי אַ ביין אין האַלז, אַלע זיינען זיי איצט אַרויס פון די נאָרעס און זיך געשטעלט אונטער דער פלאַג פון מיללער'ס „ווארהייט“.

מאָטעל לאָטעק איז פּלוצלונג פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ מאַרטירער. אַ פאָנד איז געזאַמעלט געוואָרען, און מען האָט איהם ארויסגעביילט. דער ברוקלינער לאָקאַל האָט פאַר איהם זאָגאַר פעראַנשטאַלטעט אַ מאַסס־מיטינג, ביי וועלכען ער איז געהויבען געוואָרען ביז דעם הימעל. די וואָס האָבען געוואוסט דעם גאַנצען אמת האָבען זייערע אויגען ניט געגלויבט.

דיזע טהעטיגקייט פון דער „ווארהייט“ און פון די געגנערישע לאָקאַלס, האָבען צוגעגעבע מוטה די אַנדערע חברה־לייט פון מאָטעל'ס חדר. אין אַ קורצע צייט אַרום איז פאָרגעקומען אַ פייט צווישען צוויי עהרליכע מעמבערס פון לאָקאַל 100 און אַ געוויסען העגרי סטאָר, לאָטעק'ס אַ גוטער ברודער. דיזער סטאָר איז גאָר ניט קיין בעקער. ער קומט אָבער אין די בעקער־קריי־זען, וואו ער איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „די ים־חיה“. דער געשלעג איז פאָרגעקומען אין קאַפע, וואו בעקער־אַרבייטער פערזאַמלע זיך. דורך אַ סיבה האָט סטאָר זיך אויסגעגליטשט און געפאַלען מיט'ן קאָפּ אָן אַ שטיק אייזען, און האָט זיך שטאַרק צושלאָגען. די צוויי בעקער: הערשעל בילץ און מאָררים ראָטשטיין, זיינען אַרעסטירט געוואָרען; און אַ נייער קוואַל פון שענדליכע פערלוימדונג און העצעריי האָט זיך פאַר מיללער'ן געעפענט.

די צוויי אַרעסטירטע זיינען געוועזן פון מיין צד, און דעריבער זיינען זיי אין דער „ווארהייט“ געקרוינט געוואָרען מיט'ן נאָמען „מעסער־העלדען“ און „געננגסטערס“. די פערוואונדעטע „ים־חיה“ איז פאָרגעשטעלט געוואָרען אַלס אַן אָרימער בעקער און אַלס אַן איבערגעבענער פריינד פון דעם „מאַרטירער“־פליישער. געהייסען האָט עס, אַז איך האָב די צוויי „געננגסטערס“ אונטער־געשיקט סטאָר'ען צו שלאָגען, דערפאַר וואָס ער האָט געהאַלטען מיט פליי־

שער׳ן. (דיזער הערדי סטאָר איז אַמאָל געווען אַ שטריקער־אַרבייטער, אַזוי צייגען די רעקאָרדס פון קאָורט).

די קליקע איז ווידער געוואָרען ביזי. דער רעפּאָרטער פון דער „וואָר־הייט" אין די טומס קאָורט האָט אַריינגערוימט אַ סוד צו דעם דיסטריקט אַטוירני און די רעפּאָרטערס פון די ענגלישע צייטונגען, דאָס די צוויי אַרעס־טירטע זיינען בעקאַנטע איסט סיידער באַנדיטען. אויף איסט־סייד׳ער גלוי־בען די גוי׳אישע דיסטריקט אַטוירנים און רעפּאָרטערס אַלעס. דער דיסט־ריקט אַטוירני האָט זיך בעשלאָסען איינמאָל פאַר אַלע מאָל מיט די צוויי „גענגסטערס" זיך אָפּצורעכענען, כדי די אַנדערע מעסער־העלדען זאָלען זיך דערשרעקען.

די קייס איז פאַרגעשטעלט געוואָרען פּונקט אַזוי ווי די „וואָרהייט" האָט איהר אויסגעאַרבייט. סטאָר איז פון די „גענגסטערס" אָנגעגריפען געוואָרען דערפאַר וואָס ער האָט פערטהיידיגט דעם מאַרטירער פּליישער. עדות האָבען די חברה ניט געפעהלט. די צוויי בעקערס זיינען געפונען געוואָרען שולדיג און זיינען פער׳משפט געוואָרען צו אַ יאָהר פּריזאָן.

ערשט נאָכדעם ווען אַלעס איז געווען פאַראיבער, האָט זיך די „וואָרהייט" אַליין דערשראָקען פאַר איהר טייפלישער שטיקעל אַרבייט. דער דזשאָדזש האָט ערהאַלטען פּעק בריעף פון בעקער באָסעס און בעקער אַרבייטער, וועלכע האָבען געשוואָרען, דאָס די צוויי פער׳משפט׳ע זיינען אימער געווען עהרליכע אַרבייטער און געטרייע פאָטערס פון זייערע פאַמיליעס. אַלע בעקער אַרביי־טער זיינען פּערציטערט געוואָרען ווען זיי האָבען דעם אורטהייל געהערט. הערשעל בילץ, איבערהויפּט, איז אימער געווען אַ גוטער יוניאָן־מאַן. איהם צו רופען „מעסער־העלד" און איהם צו פערפּאַקען אין פּריזאָן אַלס „גענג־סטער", איז געווען הימעל־שרייענד. דערצו האָט ער איבערגעלאָזען אַ פרוי און קינדער אַזוי ווי אין מיטען ים. אַ שטיין האָט געקענט צוגעהן, קוקענדיג אויף זיין פאַמיליע, ווען דער דזשאָדזש האָט אויסגעשפּראָכען זיין אורטהייל.

די „וואָרהייט" האָט זיך אַליין דערשראָקען פאַר דיזע טייפלישע שטיקעל אַרבייט איהרע; און איבער נאַכט האָט זי געענדערט איהר טאָן. די פּיעל אַפּיעלס פאַר די בעקער האָבען געווירקט אויפ׳ן דזשאָדזש און ער האָט זייער שטראָף פערקלענערט. די „וואָרהייט" האָט דאָס געמאָלדען אין אַ גאַנץ סימ־פּאַטהישען טאָן. זי האָט זאָגאַר אונטערגעבלאָפט, אַז איהר רעפּאָרטער האָט פאַר די פער׳משפּט׳ע אַפּעלירט צום דזשאַרש. סיי־ווי־סיי, פון די „מעסער־העלדען" זיינען די צוויי לייטע פּלוצלונג געוואָרען איינפאַכע בעקער אַרביי־טער מיט פאַמיליעס צו סופּאָרטען אויף וועמען עס איז געווען אַ גרויסער רחמנות.

דאָס איז געווען דער ערשטער ביישפּיעל פון די „גערעכטיגקייט" וואָס די „וואָרהייט" האָט דורכגעקעמפּפט אין קאָורט. באַלד, אין דער זעלבער וואָך, האָבען מיר געהאַט אַ צווייטען ביישפּיעל. ווי אַזוי דאָס איז געשעהן

ווייס איך ניט, אָבער די זעלבע וואָך וואָס די קייס געגען די צוויי בעקער איז פאָרגעקומען, איז אויפגענומען געוואָרען מיין קייס געגען פליישער׳ן, „לאָ־טעק“. נאָך מעהר, זי איז פאָרגעבראַכט געוואָרען פאַר דעם זעלבען דזשאָדזש וואָס האָט די צוויי בעקער גע׳משפּט, און זי איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דעם זעלבען דיסטריקט אַטוירני, וואָס האָט געגען די צוויי בעקער געפיהרט דעם טרייעל.

## דער מערקווירדיגער טרייעל פון מאָטעל לאָטעק

דיזער לעצטער פאַקט איז אַ העכסט וויכטיגער. אַזאַ ערנסטע קייס נעהמט צייט. די קלאַגע איז זעהר אַ שווערע. דערפאַר מוז מען קריגען שטאַרקע בעווייזע, און דערפאַר אויך איז עס שווער צו קריגען בעווייזע. ניט יעדערער וויל אויפטרעטען אין אַ קייס, וועלכע קען דעם אָנגעקלאָגטען געבען אַ שווערע שטראָף. ווען פליישער איז אַרעסטירט געוואָרען, איז די קייס אי־בערגעגעבען געוואָרען צו אַ געוויסען דיסטריקט אַטוירני, וועלכער האָט אויף איהר וואָכען־לאַנג שווער געאַרבייט. ער האָט געוואוסט יעדע איינצעלהייט אין איהר, און ער האָט געפיהלט זיכער, דאָס די קלאַגע איז אַ ריכטיגע, און דאָס איהם וועט געלינגען דאָס איבערציייגען פאַר אַ דזשורי.

מיר זיינען דאַרום אַלע ערשטוינט געוואָרען, ווען מען האָט פּלוצלונג די קייס פון דיזען דיסטריקט אַטוירני צוגענומען און איהר איבערגעגעבען צו דעם זעלבען דיסטריקט אַטוירני וואָס האָט פערפאָלגט די צוויי דערמאָנטע בעקער. דיזער נייער דיסטריקט אַטוירני איז מיט דער קייס ניט בעקאַנט געוועזען, און ער האָט זיך די מיה ניט גענומען מיט איהר זיך צו בעקענען. דערצו דאַרף מען וויסען, דאָס אין דעם טרייעל פון די צוויי בעקער האָט ער דאָך מיט אַלע כוחות געזוכט צו בעווייזען, אַז סטאַר איז אָנגעגריפען געוואָרען פון מיינע „גענגסטערס“, דערפאַר וואָס ער האָט פערטהיידיגט דעם אונשול־דיגע פליישער. דיזער דיסטריקט אַטוירני האָט, אַלזאָ, נאָך פאַר דעם טרייעל גענומען אַ שטעלונג, דאָס איך בין אַ „גענגסטער“ און דאָס פליישער איז אַ קרבן פון מיינעם אַ בלבול. און איצט האָט מען איהם איבערגעגעבען ער זאָל פליישער׳ן משפּט׳ען. ווי לעכערליך!

ווי געזאָגט, ווייסען מיר ניט ווי אַזוי דאָס אַלעס איז געטהאָן געוואָרען. אימיצער האָט אין דעם געהאַט אַ חלק. אַ געהיימע האַנד האָט די גאַנצע זאַך געפיהרט. סיי ווי סיי, אַזוי שנעל ווי די פאַקטען זיינען בעקאַנט גע־וואָרען, האָב איך פערשטאַנען אַז מיין קייס איז פערלאָרען. מיין לאָיער האָט געבעטען דער טרייעל זאָל אָפּגעלעגט ווערען; אָבער דער דיסטריקט אַטוירני האָט זיך ענטזאָגט. פיעלע פון מיינע עדות, איינזעהענדיג, אַז אַלע אין קאָורט זיינען פעראייניגט געגען מיר, האָבען זיך דערשראָקען און ניט געוואָלט אויפ־טרעטען. די דזשורי האָט דאַן אויפ׳ן רעקאָמענדיישאַן פון דעם דיסטריקט אַטוירני די קלאַגע געגען פליישער׳ן אַרויסגוואָרפען.

## מיללערס טייוועלשער טאַנץ

און איצט ערשט איז מיללער אויף זיין טייפלישען טאנץ. עס האט ביי איהם געהייסען, אז די קאורט האט מיך פער׳משפט אלס „גענגסטער". ער האט פערגאסען א ים קראקאדילען טרעהרען אויף פליישער׳ן, און האט מיר געווידמעט גאנצע לייט־ארטיקלען מיט זלזולים און די ערגסטע שימפפעריייען. די אנדערע בעקער לאקאלס האבען געהאלפען. עס האט אויך געהייסען ביי מיללער׳ן, אז אלע בעקער זיינע געגען מיר ; אז איך הערש אין לאקאל 100 דורך מיין פויסט ; אז א גענג האלט מיך אויף מיין שטוהל אלס ארגאנייזער; אז די מעמבערס עלעקטען מיך קיינמאל ניט, נאר מיין גענג פאלשעוועט די עלעקשאן ; און אז קוים וועל איך זיך פון דעם לאקאל צוריקציהען, וועט אין דער בעקער יוניאן וועררען שלום, אחדות און ברידערליכקייט.

איך האב דאן צום דריטען מאל בעשלאסען צו פערלאזען די יוניאן. איך האב קיין מאל ניט געוואלט און קיין מאל ניט געדארפט ליידען די אלע בלבולים און פערלוימדונגען. דער לעזער האט געזעהן, ווי איך האב מיט אלע כוחות געקעמפפט געגען צוריק־קומען דעם לעצטען מאל. דאמאלסט אבער האט מיך די יוניאן געמוזט האבען, האב איך געאפפערט מיט מיין ווילען און צוריקגעקומען, איצט אבער איז די ארגאניזאציאן געשטאנען אין א גוטער לאגע. איך האב געוואוסט, אז קיין כבוד וועל איך זיך ניט דערלע־בען דערמיט וואס איך וועל שטעהן און קעמפפען געגען מיינע שונאים. איך האב זיך שוין לאנג בעפאר געהאט איבערצייגט, אז מיין גאנצע ארבייט פאר די בעקער איז געוועזן א מין מארטירערשאפט, און איך האב זיך צו דעם גע־דאנק צוגעוואהנט .

## איך פאָדער אַ נייעם עלעקשאן אונטער די אויפזיכט פון אַ קאָמיטע

אבער איידער איך האב מיין בעשלוס דורכגעפיהרט, האב איך געטהאן עטוואס, וואס האט די אויטסיידיגע וועלט איבערצייגט איין מאל פאר אלע מאל, דאס דער „גענגסטער־געשריי" געגען מיר איז א געמיינער בלאף. איך האב אליין אפעלירט דורך דער פרעסע, אז נייע וואהלען זאלען אפגעהאלטען ווערען אין דער בעקער־יוניאן. דער עלעקשאן איז געשטעלט געווארען אונ־טער דער קאנטראל פון א קאמיטע פון דריי פערזאנען, אין וועמענס אבסא־לוטע עהרליכקייט און איבערנעבענהייט צו דער ארבייטער זאך קיינער צוויי־פעלט ניט. דיזע קאמיטע איז בעשטאנען פון די גענאסען פיינענבוים, יא־נאווסקי און מאקס פיין.

דער באלאט איז געוועזן א געהיימער. די דריי קאמיטע לייט האבען גע־וואטשט דעם וואוטען און אליין געצעהלט די שטימען. פון זעקס הונדערט גוטשטעהענדע מעמבערס, האבען פיער הונדערט און פערציג געוואוט. אזא

היובען פּראַצענט פון וואוטערס האָט נאָך קיין יוניאָן קיינמאָל ניט געצייגט. פון די פיער הונדערט און פערציג שטימען זיינען פיער הונדערט געווען פאַר מיר און פערציג געגען מיר. ווען זאָגאַר מען זאָל בעטראַכטען די צוויי הונ־דערט ניט־וואוטערס אַלס אַלע געגען מיר, דאַן האָב איך אויך געהאַט צוויי דריטעל שטימען פאַר מיר. וועלכער קאַנדידאַט אין אירגענד וועלכער יוניאָן ציהט אַ גרעסערען פּראָצענט שטימען? (ש. יאַנאָווסקי האָט דאַן געשריבען אין „אויף דער וואַך" דעם רעזולטאַט).

קורץ נאָך דעם עלעקשאָן האָב איך רעזיגנירט. איך האָב געהאָפט, דאָס דיזען מאָל וועט מען מיך צורוה לאָזען, דאָס דער רעזולטאַט פון די וואַהלען און מיין רעזיגניישאָן וועט צומאַכען די מיילער פון מיינע פערלוימדער מיל־לער אָבער און זיינע העלפער האָבען מיר ניט געקענט מוחל זיין די וואונדען וואָס איך האָב זיי אָנגעמאַכט אין די יאָהרען וואָס איך בין געשטאַנען געגען זיי. זיי האָבען הפנים געמיינט, אַז מיין צוריק־ציהען איז דער רעזולטאַט פון שוואַכקייט, און האָבען גענומען „טאַנצען אויף מיין קבר". זיי האָבען גע־זוכט צו מאַכען דעם איינדרוק, אַז זיי האָבען מיך פערטריבען, אַז זיי האָבען מיך אין דער בעוועגונג אַזוי דיסקרעדיטירט, אַז זיי האָבען מיין נאָמען אַזוי פערשוואַרצט, דאָס איך האָב געמוזט אַנטלויפען.

## איך ווער דער אָרגאַנייזער פון די געווערקשאַפטען

צו דער זעלבער צייט וואָס דיזע אַטאַקעס זיינען אויף מיר געמאַכט גע־וואָרען, האָב איך געקראָגען אַן איינלאַדונג פון די געווערקשאַפטען צו ווערען איהר אָרגאַנייזער. די אַלגעמיינע אידישע אַרבייטער בעוועגונג האָט מיר געוואָלט איינפערטרויען מיט איהר העכסטען אַמט, ווען עהרענד אַ הייפעלע פערגעטהער האָט אויף מיר געוואָרפען שמוץ און רכילות און ליגענס.

איך האָב דעם נסיון ניט געקענט ביישטעהן. צו אַרבייטען פאַר דער בע־וועגונג איז דער גרעסטער וואונש פון מיין האַרצען. דערצו איז פאַר מיר אויך זיס געווען צו בעווייזען דיזע חברה אויף וויפיעל ווייניג זייער שמוץ־וואַרפעריי האָט אַ ווירקונג אין דער בעוועגונג. איך האָב דעם אַמט אַלס אָר־גאַנייזער אָנגענומען.

אַלס אָרגאַנייזער פון די געווערקשאַפטען האָב איך מיט דער בעקער־יוניאָן ספּעציעל געהאַט ווייניג וואָס צו טהאָן. איך האָב מיין צייט אָפּגעגע־בען אַם מייסטען מיט אָרגאַניזירען נייע טריידס און פערשטאַרקען די קליי־נע, שוואַכערע אָרגאַניזאַציאָנען. דאָך האָבען מיינע אַלטע שונאים ניט אויפ־געהערט מיך צו האַלטען פעראַנטוואָרטליך פאַר אַלעם וואָס איז אין די בעקער לאָקאַלס פאָרגעקומען. עס האָט אויסגעוויזען, דאָס גאָט האָט מיך ספּעציעל בעשאַפען צו דיענען אַלס בייזער גייסט פאַר די בעקער.

האָט געטראָפען פּאַסירען, אַז די געווערקשאַפטען האָט אויפגענומען אַ קאַמפּף געגען געוויסע בעקער לאָקאַלס פאַר ניט אַריינגעהמען קיינע נייע

מעמבערס. די לאָקאלס האָבען זיך געשטעלט געגען דעם בעשלוס פון די געווערקשאפטען און זיינען אויסגעשלאָסען געוואָרען. ווער איז אין דעם אלעם שולדיג געווען ? איך. אין לאָקאל 100 האָבען זיך אָנגעפאנגען די אלטע פייטס, די אלטע צושפאלטונג, די אלטע מחלוקות. ווער איז אין דעם שולדיג ? איך. אלץ איך און איך.

## די בעקער יוניאן אונטער מיין אַדמיניסטראַציאָן און אונטער אַנדערע אַדמיניסטריישאנס

דער אמת איז, דאָס ווען איך בין אין דער בעקער לאָקאל געווען, האָט דאָרטען געהערשט פריעדען אויף וויפיעל דאָס קען איבערהויפט ביי בעקער געמאָלט זיין. כל זמן איך בין אין דער יוניאן געשטאנען זיינען די שעפער קאָנטראָלירט געוואָרען, מעמבערס האָבען געצאָהלט דיוס און די באָסעס האָבען געצאָהלט די ריכטיגע וויידזשעס. קריעג אין דער יוניאן און טראָבעל מיט די באָסעס, סטרייקס און לאָק־אוטס, זיינען אלע מאָל געקומען ווען איך בין אין דער יוניאן ניט געווען.

דאָס איז בקיצור די געשיכטע פון מיין פערבינדונג מיט דער בעקער יוניאן. איך האָב פאַר דער ארבייטער בעוועגונג אָפּגעגעבען מיין גאנצען לעבען. איך האָב פאַר די בעקער מיט מיינע הענד א יוניאן אויפגעבויעט. איך האָב געהאָלפען אין יעדען קאמפּף פאַר יעדער אידישע יוניאן אין ניו יאָרק אין די לעצטע פינף יאָהר. די בעקער יוניאן איז אונטער מיין פיהרערשאפט געווען די ראדיקאלסטע, די פּראָגרעסיווסטע. זי איז געווען דער שטאָלץ פון דער גאנצער ארבייטער בעוועגונג . אין יעדען קאמפּף איז זי געווען די ערשטע זיך אָפּצורופען, די ערשטע צו העלפען מיט אלע איהרע כוחות. איהרע יוניאן לייט און יוניאן פיהרער ווייסען, אז דאָס איז דער ריינער אמת.

אויב די בעקער יוניאן איז היינט ניט דאָס אלעס, אויב זי פערשאפט איצט די אלגעמיינע בעוועגונג חרפות און בזיונות, פאלט די פעראַנטוואָרטליכקייט אויף די קעפּ פון די צושטערער, אויף די קאָררופּטע ; אויף די קעפּ פון מיללער׳ס תלמידים, וועמענס אויפגאבע עס איז אימער געווען צו פערדארבען אלעס וואָס איז גוט, צו פערדונקלען אלעס וואָס איז ליכטיג אין דער ארבייטער בעוועגונג.

זאָלען די אנדערע יוניאנס דאָס וויסען און דאָס גוט אריינגעהמען אין זינען. זאָל די געשיכטע פון דער בעקער יוניאן זיי לערנען, וואָס פאַר א שרעקליכער געפאהר דער גיפט פון מיללער׳ס בלעטעל איז פאַר זיי !

זעהט ער זאָל אייער אָרגאַניזאַציאָן ניט רואינירען, אזוי ווי ער האָט רואינירט די גלענצענדע בעקער אָרגאַניזאַציאָן !